# גאַבריעלע ד׳אנונציאָ

# דזשאוואני עפּיסקאפּא

איבערזעצט פון איטאַליעניש

מארק ראַקאָווסקי.




* וואַרשע * 1923 *

לייטונג: ליטעראַרישע שלמה שיינבערג,
קינסטלערישע וו. ווײנטרויב.

קלישע ח. גאָלדבערג.
געזעצט: ש. קרעלנבוים, געווערצמאַן. פּולאַוו.
געדרוקט ביי „רעקאָרד".

DZIOWANI EPISKOPO
GABRIEL D'ANUNCIO

Tłomaczył z orginału włoskiego
M. RAKOWSKI

WYDAWNICTWO SZYMON JACZKOWSKI — WARSZAWA

DRUKARNIA „REKORD"

## צו מאַטילדע סעראַאָ.

באַריהמטע מאַדאַם! דאָס דאָזיקע בוך, וואָס איך ווידמע אייך, טייערער פריינט מיינער, האָט פאַר מיר נישט קיין שום קונסט־ווערט! דאָס איז אַן איינפאַכער לי־טעראַרישער דאָקומענט, וואָס איז פובליקירט געוואָרן, צו ווייזן די ערשטע אינסטינקטיווע אָנשטרענגונגען פון אַן אומרוהיקן קינסטלער, וואָס האָט געשטרעבט צו אַן אַנטגילטיקער באַנייונג.

דאָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין רוים, אין יאַנואַר 1891 יאָר, נאָך 15 חדשים פון פולשטענדיקער אונ־טעלעקטועלער רו, פון פולער אומטעטיקייט, פון פאַר־האַסטע איבונגען אין אַרטילעריע קאַזאַרמעס. די פער־זאָן פון דשיאָוואַני עפּיסקאָפּאָ איז דורך מיר מיט אַן אינטענסיווער נייגעריקייט באַטראַכט און שטודירט גע־וואָרן נאָך מיט צוויי יאָר צוריק. דער פילאָזאָף אַנ־דשעלאָ קאָנטי האָט זיך דאָס ערשטע מאָל באַקאַנט מיט דער דאָזיקער פערזאָן אין שפּיטאָל סאַן דשיאַקאָמאָ,

אין קאַבינעט פון אַ דאָקטאָר. איך דער איידעלער פילאָזאָף און דער סימבאָלישער מאַלער מאַריוס־דע־מאַריאַ האָבן שפּעטער נישט איינמאָל באַזוכט די פינסטערע שענק אויף אַלעקסאַנדרינאָ גאַס, כדי זיך דאָרט צו באַגעגענען מיט דעם אומגליקלעכן שיכור. עטלעכע וווּנדערלעכע צופאַלן האָבן מיט אַ סך צוגעהאָפפן אונדזער שטודיום. (אַנדשעלאָ קאָנטי האט אפילו געשאַפט אַ שפריצער און מאָרפיום פאַרן אומגליקלעכן באַטיסטאָ). אָבער דער זעלטנסטער שטאָף, וואָס איז אויפגעזאַמלט געוואָרן מיט דער העכסטער פינקטלעכקייט, איז געבליבן רוי, נישט באַאַרבעט אויף עטלעכע בלעטלעך נאָטיצן.

כאָטש איר זענט אַ שטענדיקע און טעטיקע אַרבעטערין, דאָך ווייס איך נישט, צי עס איז אייך אַמאָל אויסגעקומען איבערצוטראָגן די ליידן, וואָס אַ דויערנדע הפסקה טראָגט אַריין אין אַ קינסטלערס באַוווסטזיין. ווערנדיק באַפרייט פון מיליטער־דינסט, איז מיר אָנגעקומען מיט גרויס מי זיך צוצוגעוויינען צוריק צו די פריערדיקע אייגנשאַפטן פון מיין גייסט, צו פאַרשטיין דעם אמתן באַגריף פון מיין נייעם איבערלעכן צושטאַנד. איך האָב באַדאַרפט קומען צו זיך, אָדער ווי איך רוף דאָס אָן — זיך אויסרוען אַ ביסל. איך האָב

דאַמאָלס פאַרשטאַנען, ווי טיף און אומפאַרמײדלעך עס איז אויף אונדז די ווירקונג פון פרעמדע מענטשן, כאָטש די פאַרשידנהײט צווישן אונדז און זײ איז זײער גרויס; און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז אומגע־הײער שווער אָפּצוהיטן אונדזער מאָראַלישע פּערזענלעכ־קײט פון דער ווירקונג, וואָס עס האָט אויף אונדז דער קאָנטאַקט מיטן פּראָסטן פאָלק, צוזאַמען מיט וועלכן מיר לעבן און פאַרברענגען די צײט. קײן זאַך, מײן טײערע, קײן זאַך, וואָס מיר רעכענען, אַז זי איז שוין אונדזער, קען מען נאָך נישט זײן זיכער, אַז זי בע־הערט שוין טאַקע אונדז.

דער קאַוואַלעריסט, וועלכער איז געוווינט געווען אָפּצוזיצן צען שעה כסדר אויפן זאָטל און אין לויף צו פאָכן די לופט, האָט געהאַט אַ מין פיזיש ווידער־געפיל צו דער אומבאַוועגלעכקײט פון דעם דאָזיקן זאָטל, צו די אויפרעגנדע איבונגען פון שרײבערײ. עס זײנען אַריבער עטלעכע שווערע וואָכן פון אומעט, אין וועלכע דאָס ביסעלע ענערגיע האָט זיך צעשמאָלצן און צו נישט געוואָרן.

עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מײן גאַנצע שרײַ־בערישע פעיִקײט איז אָפּגעשוואַכט, פאַרטונקלט און צעווײעט געוואָרן. צײטנווײז האָב איך מיך געפילט

אַזױ װײט פון קונסט, אַזױ פרעמד צו דער דאָזיקער אידעאַלער װעלט, אין װעלכער איך האָב געלעבט; איך האָב מיך געפילט אַזױ אױסגעװעבט, אַז קײן שום זאַך האָט מיך נישט געקענט אַרױספירן פון דעם לאַנג־װײליקן צושטאַנד, אין װעלכן איך האָב מיך געפונען. איך האָב געמאַכט עטלעכע פרוװן, אָבער אומזיסט: קײן שום ביכער, קײן שום לעקציעס האָבן מיך נישט געקענט באַפרוכטן. טײל אױסדערװײלטע בלעטער, װעלכע האָבן אַמאָל מײן מח פאַרשיכורט — אַצינד בין איך צו זײ געבליבן קאַלט. צו מײנע אַלע פריערדיקע װערק האָב איך געפילט אַן אָפּשײ, פונקט װי צו אַ זאַך, װאָס איז שױן לאַנג אָפּגעלעבט, װאָס האָט נישט געהאַט קײנמאָל קײן שום פאַרבינדונג מיט מײן גײסט און װאָס האָט מיך געדריקט װי אַן אומגעהײער שװערע לאַסט. עטלעכע סטיל־פײנע שטיקלעך, צװישן זײ אױך אַ פּראָזאַיש בוך, האָבן מיך פּשוט אין כעס אַרײנגעבראַכט און חרפה פאַרשאַפט. די שענסטע קונסט־פאָרמען, פון װעלכע איך בין פריער פּשוט אנטציקט געװען, האָבן מיר אַצינד אױסגעזען פּוסט און פאַלש.

קײנמאָל זאָגט זיך קײן קינסטלער מיט דעם אױפריכטיקסטן עקל נישט אָפּ פון זײנע פריערדיקע װערק, אױב

ער טראָגט נישט אין זיך שוין זיין צוקונפטיק ווערק, אָדער האָט נישט דאָס באַוווסטזיין פון זיין צוקונפטיקער קראַפט.

אָבער אין אונדז, מענטשן פון אינטעלעקט, קומט פאָר די איבעראַרבעטונג פון אונדזערע גייסטיקע כּוחות מיט אַזאַ טיפער פאַרבאָרגנקייט, אַז צייטנווייז זיינען טייל שוואַכע פאַזן אירע אַפילו פאַר די שאַרפזיכטיקסטע און אויפמערקזאַמסטע פון אונדז אומבאַגרייפלעך. אויב אונדזער אינטעלעקט איז תמיד באַדראָט: אי פון אַ פלוצלינקער באַשעדיקונג, אי פון אַ פראָגרעסיווער דעגענעראַציע פון אונדזערע חושים, זיינען זיי, אַלס באַלוינונג דערפאַר, די דאָזיקע שוואַכע, איידעלע חושים אייביק באַוועגט אין דינסט פון דער קונסט. זיי אַרבעטן מיט אַזאַ סודותפולער און וווּנדערלעכער טעטיקייט, אַז די פאָרמלאָזע מאַסע, וואָס זיי דערהאַלטן פון דרויסן, אַרבעטן זיי אויס בהדרגהדיק אין אַ פאָרם פון העכסטן לעבן. און דיביידע מעגלעכקייטן: אי די טראַגישע, אי די גליקלעכע, האָבן איין זאַך אַ געמיינזאַמע: דאָס פאַרנעפלטע און אומבאַגרענעצטע פעלד פון אונדזער אומבאַוווסטזיין.

איינמאָל, אין אַ יאַנואַר־אָוונט, בין איך מיר אַזוי־

אַליין געשטאַנען אין גרויסן טונקעלן צימער; איך האָב מיר איבערגעבלעטערט עטלעכע צונויפגעזאַמלטע נאָטיצן. צווישן זיי האָט זיך געפונען שוין באַארבעט מאַטריאַל און אויך נאָך נישט קיין באַארבעטס. עפּעס אַ מאָדנע אומרויִקייט האָט מיך דאַמאָלס אַרומגענומען. ווי טיף איך בין נישט געווען פאַרזונקען אין לעזן, דאָך האָט, ווי פאַר זיך, אין דער שטיל, מיין עמפּינד־לעכקייט זעלטן גוט געאַרבעט. איך האָב באַאָבאַכט, אין דער צייט פון מיין לייענען, אַז מיין מוח האָט אומגעהייער לייכט פאָרמירט און פאַרייניקט פיל פאַר־שיידענע געשטאַלטן. איך קען נישט זאָגן, אַז די דאָ־זיקע פענאָמענאַלע דערשיינונג האָט זיך באַוויזן בּאַ מיר צום ערשטן מאָל, דאָך האָט זיך מיר געדאַכט, אז איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געפילט אַזאַ גרויסע אינטענסיוויטעט. איך האָב מיינע אַלע אויסגעטראַכטע בילדער אָנגעהויבן זען אין זייער רעאַלער פאָרם, און מיין אומרויִקייט איז פון מינוט־צו־מינוט געוואָרן אַלץ גרעסער.

בשעת איך האָב אויף אַ קעפּל פון אַ העפט איבער־געלייענט דעם נאָמען דזשיאוואַני עפּיסקאָפּאָ, האָט זיך פאַר מיינע אויגן, מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ, גלייך פאַרגעשטעלט די פיגור פון אַ מענטש. עס האָט זיך

מיר פאָרגעשטעלט נישט נאָך די קערפּערלעכע פיגור, נאָר אויך די מאָראַלישע פיגור. צום ערשט האָב איך באַמערקט שטריכן. איך קען נאָך ביז היינט נישט באַגרייפן יענע אינטויציע: איך קען נישט רעכענען, אַז דאָס איז געווען דער פּשוטער רעזולטאַט פון אַ מאָמענטאַלער דערוועקונג פון אַ טייל פון מיין זכרון, — איך האַלט דאָס גיכער פאַר אַ סוד, וועלכער איז צוזויפגעוועבט פון פאַרשיידענע פסיכישע עלעמענטן, וועלכער קען נישט אַנטדעקט ווערן דורך קיין שום אויפשנעל־געמאַכטן אַנאַליז.

דאַמאָלס האָט דער ליבער און אומגליקלעכער מענטש, דער ליידנדער כריסטוס, אָנגעהויבן צו לעבן פאַר מיר (אויסער מיר? און אין מיר?) מיט אַזאַ שטאַרקן לעבן, אַז מיין אייגן לעבן איז אין זיינעם פאַרזונקען געוואָרן.

קיינמאָל, מיין טייערע, קיינמאָל האָט נאָך קיין שום ערדיש באַשעפעניש מיר נישט געגעבן קיין שטאַרקערע גייסט־באַוועגונג, קיינמאָל איז מיר נאָך נישט אויסגעקומען איבערצולעבן אָדער בייצוּוווינען קיין דער הויבענערן און באַטירלעכערן וואונדער פון פאַרשטאַנד: דאָ איז אַריינגעגאָסן געוואָרן אין גייסט פון אַ קינסטלער אַ בייע לעבנס־פעיקייט, און ער איז מיטאַמאָל אָנגעפילט גע־

וואָרן מיט אַ שעפּערישער קראַפט. קײנמאָל האָט זיך מיר דזשיאוואַני עפּיסקאָפּאָ נישט פאָרגעשטעלט אין קײן לעבעדיקערע פאָרם.

און מיט אים צוזאַמען האָבן שוין געאָטעמט און זיך בעצאַפּלט וואַנצער, דשינעווראַ, טשיראָ און דער אַל־טיטשקער: זײ האָבן געהאַט אַזעלכע בליקן, אַזעלכע באַוועגונגען, אַזעלכע שטימען און אַזאַ מין ספּעציפישן מענטשלעכן אָטעם, וועלכער לאָזט זיך נישט קײנמאָל פאַרגעסן, און יעדער אײנציקער עפּיזאָד פון דער דראַמע האָט געהאַט אין זיך דעם כּוח אַרויסצורופן אַזאַ ווירקונג, וואָס איז נישט ענלעך צו קײן שום אַנדערער. און דאָס לויפן פון טאַטן מיטן זון אונטער דער ברענעדיקער זון איבער וויסטע ערטער, איבער ערטער, וועלכע זײַנען פאַרשיט געווען מיט קלײנע, שפּי־ציקע שטײנדלעך, צווישן לײמיקע זומפּן; און דאָס אַרײַנגײן זײערס אין דער שטילער שטוב, וועלכע איז געווען באַלויכטן און פוסט; און זײער וואַרטן, וואָס איז פאַרבונדן געווען מיט שרעקלעכער האַרץ־קלאַפּעניש; און דער ווילדער געשרײ; און דאָס אָנ־כאַפּן זיך פון קינד אָן דעם קערפּער פון ברוטאַלן מענטש; און די שטעך פון מעסער אין דער מעכטי־קער פּלצײע; און דער קנאַק, און דער בלוט־שפּריץ;

אין דזשיראָס גסיסה אין יענעם צימער, דעמערונגס-צייט; און ווייטער, ווי דער טאַטע איז פאַרבליבן מיט ביידע טויטע קערפּערס .. אָך מיין טייערע, פאַרוואָס האָט מיך באַהערשט אַזאַ שוידערהאַפטע פאַנטאַזיע, און איך האָב געשאַפן אַזאַ שוואַך ווערק? פאַרוואָס איז יענער צופלוס פון מיינע קרעפטן אָפּגעשוואַכט און פאַרלאָשן געוואָרן אויף די דאָזיקע בלעטלעך?

אין אַ טאָג אַרום האָב איך מיך גענומען צו דער אַרבעט. אויסשליסנדיק דאָס שלאָפן און עסן, האָב איך עטלעכע טעג געאַרבעט אָן אָפּרו מיט דער גרעסטער ענערגיע, און די דשיאוואַניס פיגור פון איר הויפּטזעכלעך באַנאַכט שטענדיק געשטאַנען אַ לעבעדיקע פאַר מיינע אויגן.

אָט דאָס, מיין טייערער פריינט, איז דער אָנהייב פון דעם דאָזיקן קליינעם ביכל, וועלכעס איך ווידמע אייך. איך רעכן, אַז דאָ וועט איר געפינען די ערשטע עלעמענטן פון דער באַנייונג, וואָס איז שפּעטער פאָרטגעזעצט געוואָרן אין מיין ווערק „אומשולדיקע" מיט אַ שטאַרקערן מעטאָד, מיט אַ פּונקטלעכערן אַנאַליז און איינפאַכערן סטיל.

דער גאַנצער מעטאָד באַשטייט אין דער דאָזיקער פאָרמולע: מען דאַרף אַליין דירעקט שטודירן

מענטשן און זאַכן, אָן שום וועלכער עס איז טראַנס-פּאָזיציע —

אָבער ווער האָט דאָס חשק צו שטודירן? וויפל גע-פינען זיך עס מענטשן אין איטאַליע, וואָס פאַרשטיין די באַדייטונג פון דעם דאָזיקן וואָרט? וויפל זיינען עס דאָ אַזעלכע, וואָס גייטיקן זיך אין א באַנייונג? וויפל מענטשן האָבן עס דעם גלויבן אין זייער אייגענער קראַפט, אין דער זיכערקייט פון זייער אויפריכטיקייט?

דאָך איז אין דער היינטיקער צייט אַרויסגע-רוקט געוואָרן דער דעוויז: — אָדער זיך באַנייען אָדער שטאַרבן. —

און אייך, מיין טייערע, דער אייביקער זוכערן, וועל-כע גיט שטענדיק אין איטאַליע דעם בעסטן ביישפּיל פון מענלעכער טעטיקייט, אייך ווידמע איך דעם דאָ-זיקן דאָקומענט, וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צו וויין דעם ערשטן אינסטינקטיוון פרוו פון אַ אומרויִקן קינסטלער, וועלכער איז אַזוי באַגייסטערט פון דער קונסט, אַז ער קען זיך נישט אונטערגעבן דעם טויט — זייט באַגרוסט!

גאַבריעלע ד'אַנונציאָ.

בעסאַל, אין יום-טוב פון די „דריי מלכים“ 1892.

ואנכי תולעת, ולא איש;
חרפת אדם ובזוי עם.

תהילים כב

כל ראי ילעיגו לי.

תהילים כב

שפטני כצדקך ה׳ אלהי
ואל ישמחו לי.

תהילים לה

אַלזאָ, מיין פריינט, איר ווילט דאָך וויסן. . . וואָס, אייגנטלעך, ווילט איר וויסן? וואָס דאַרף איך אייך דערציילן? אָבער וואָס?

— אַך, אַלץ! איר ווילט, איך זאָל אייך אַלץ דער־ציילן. אויב אַזוי דאַרף איך אייך דערציילן אַלץ. אַלץ פון אָנהייב ביזן סוף.

אַלץ פון אָנהייב אָן! ווי אַזוי וועל איך דאָס אָבער טון? איך ווייס דאָך אָבער שוין גאָרנישט; איך קען דאָך מיך שוין גאָרנישט דערמאַנען. וואָס זאָל איך טון דערצו, מיין פריינט? וואָס זאָל איך טון?

אָך מיין גאָט! — אָבער וואַרט. איך בעט אייך זייער, וואַרט אַ ביסל. האָט געדולד. האָט כאָטש אַ ביסל געדולד; איך ווייס נישט וואָס פריער צו רעדן. אויב איך דערמאַן מיך אַפילו אָן עפּעס, קען איך דאָס אייך אויך נישט דערציילן. ווען איך פלעג מיך געפי־נען צווישן מענטשן, בין איך שטענדיק געוועז אַ שוויי־

גנדיקער. און אַפילו באַכדעם ווי איך פלעג אויסטרינ־
קען דעם ביטערן טראָפּן, פלעג איך אויך שווייגן. יאָ,
שטענדיק געשוויגן.

ניין, נישט שטענדיק. מיט „אים" פלעג איך רעדן;
נאָר מיט „אים" פלעג איך רעדן. אין שיינע זומער־
אָוונטן, אינדרויסן, אויף פאַרווײלונגס־ערטער, אין די
שטאָט־גערטנער... ער פלעגט אַרונטעריקן זיין הענט־
אונטער מיין אָרעם; זיין אויסגעמאָגערט, צאַרט הענטל,
וועלכעס איך פלעג כמעט נישט פילן. און מיט פריי־
לעכע פּנימער פלעגן מיר זיך גיין און גיין צוזאַמען
און שמועסן.

עלף יאָר. באַטראַכט נאָר, מיין פריינט: ער איז מער
נישט אַלט געווען ווי עלף יאָר, אָבער געזעדט האָט
ער ווי אַ דערוואַקסענער מענטש. ער איז שטענדיק
געווען פאַרטראַכט ווי אַ דערוואַקסענער. עס האָט אויס־
געזען, אַז ער קען שוין גוט דאָס גאַנצע לעבן,
אַז אַלע צרות מאַכן זיין האַרץ ליידן. זיין מויל פלעגט
נישט איינמאָל אַרויסרעדן ווערטער פון ליבע; די דאָ־
זיקע ווערטער, וועלכע פאַרשאַפן אַזוי פיל פיין און
לאָזן זיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

ווער פאַרגעסט עפּעס? ווער?

איך האָב אייך איינגערעדט, אַז איך ווייס גאַרנישט;

אַז איך קען מיך גאָרנישט דערמאַנען. . אַך, דאָס איז נישט אמת!

איך דערמאַן מיך אַלץ, וועגן אַלעם. איר פאַרשטייט? איך דערמאַן מיך זיינע ווערטער, זיינע באוועגונגען, זיינע בליקן, זיינע טרערן, זיינע זיפצן. איך דערמאַן מיך יעדער באַוועגונג פון זיין גופל פון דער ערשטער שעה אָן, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן, ביז דער לעצטער שעה פון זיין טויט.

ער איז טויט. שוין זיבצען טאָג, ווי ער איז געשטאָרבן. און איך לעב נאָך! אָבער אויך איך מוז שטאַרבן, איך מוז ווי צום גיכסטן שטאַרבן, איך מוז. מיין זון וויל, אַז איך זאָל שטאַרבן. יעדע נאַכט קומט ער, זעצט זיך לעבן מיר אַנידער און קוקט מיך אָן. שטענדיק קומט ער, אַ באָרוועסער, מיין אומגליקלעכער טשיראָ! און כדי צו הערן זיינע טריט, מוז איך גוט אָנשטעלן מיינע אויערן. ווי עס ווערט נאָר פינסטער, זעץ איך מיך אוועק און הער מיך צו. איך זיץ און הער. און ווען ער טרעט נאָר אַרויף מיט זיין פיסעלע אויף דער שוועל, דאַכט זיך מיר, אַז ער טרעט אַרויף אויף מיין האַרץ. . . אָבער אַזוי שטיל, שטיל. . . עס טוט מיר גאָרנישט וויי. . . אַך, אַזוי לייכט, לייכט. . . אומגליקלעך בשמהלע!

אַלע נאַכט גייט ער באָרוועס. איר וועט מיר אָבער גלויבן, מיין פריינט? קיינמאָל איז ער באָרוועס נישט געגאַנגען, קיינמאָל אין לעבן נישט. איך שווער אייך.

איך וועל אייך עפּעס דערציילן. הערט גוט אויס. זייט אויפמערקזאַם. אויב עס שטאַרבט אייך אַ פּערזאָן, וועלכע איר האָט זייער ליב, מאַכט אַזוי, אַז עס זאָל אים אין ארון גאָרנישט פעלן. טוט אים אָן, אויב איר קענט, מיט אייערע אייגענע הענט. באַקליידט אים אַזוי, ווי ער וואָלט געדאַרפט ווידער אויפלעבן, אויפהייבן זיך און ארויסגיין. מאַכט, אַז דעם מת זאָל קיין איין זאַך נישט פעלן. האָט דאָס גוט אין זינען.

אָט, באַטראַכט נאָר די דאָזיקע שיכעלעך. — איר האָט קינדער? — ניין. אויב אַזוי קענט איר נישט וויסן, איר קענט גאָרנישט פאַרשטיין וואָס פאַר אַ ווערט עס האָבן פאַר מיר די דאָזיקע אויסגעריבענע שיכעלעך, וועלכע האָבן נאָך באַהאַלטן די פאָרם פון זיינע פיסעלעך. עס איז מיר שווער דאָס אייך צו געבן צו פאַרשטיין, קיין פאָטער וועט דאָס אייך נישט קענען געבן צו פאַרשטיין. קיינער וועט דאָס אייך נישט געבן צו פאַרשטיין

אין יענעם מאָמענט, ווען מען איז אַריינגעקומען אין מיין צימער, מיך אַרויסצופירן — צו זיינען דען

זיינע קליידער שוין נישט געלעגן דארט? צי האבן זיי זיך דען נישט געפונען שוין אויף דער שטול לעבן בעט? פארוואס האב איך קיין אנדערע זאך נ׳שט געזוכט, נאר די שיכעלעך? פארוואס האט מיין הארץ, בשעת איך האב זיי געזוכט אונטערן בעט, שיעור נישט געפלאצט פון געדאנק, אז איך וועל זיי נישט געפינען? פארוואס האב איך זיי דערנאך באהאלטן, אזוי, ווי עס וואלט נאך איבערגעבליבן אין זיי א טייל פון זיין לעבן? אך, איר וועט דאס נישט פארשטיין.

אין קאלטע פרימארגנס, ווען ער פלעגט דארפן אוועקגיין אין שולע אריין... ער האט געליטן פון ווינטער-ביילן; ארים קינד! ווינטער פלעגן זיינע פיס פארוואונדעט זיין, פארבלוטיקט. איך פלעג אים אנטון די זאקן, די שיכלעך. איך האב מ׳ך גוט אויסגעלערנט דאס טון. דערנאך פלעג איך, באם פארבינדן זיי, זיך איינבייגן ביז צו דער ערד און פילן, אז זיינע הענט, וועלכע זיינען אנגעשפארט געווען אויף מיינע פליי־צעס, פלעגן ציטערן פאר קעלט. און איך פלעג אויסישנע פארלענגערן די ארבעט... איר קענט דאס גארנישט פארשטיין.

דערנאך, ווען ער איז געשטארבן, איז מיר פאר־

בליבן די איינציקע פּאָר; די דאָזיקע, וועלכע איר זעט. איך האָב זיי אים אַליין אַראָפּגעצויגן. און אַזוי האָט מען אים באַגראָבן, פּונקט ווי אַן אָרימען. און ווער האָט אים נאָך אַזוי פיל גוטס געוואונטשן ווי זיין פאָטער?

אַצינד, יעדער אָוונט, נעם איך דיביידע שיכעלעך, שטעל זיי אַוועק אויף דער שוועל, איינס לעבן צווייטן... פאַר אים טו איך דאָס. אפשר וועט ער זיי באַמערקן, ווען ער וועט דורכגיין? ער באַמערקט זיי באַשטימט, נאָר ער רירט זיי נישט אָן. ער ווייסט אוודאי, אַז איך וועל משוגע ווערן, אויב איך וועל זיי אין איין ליכטיקן פרימאָרגן מער נישט געפינען אויף זייער אָרט, שטייענדיק איינס לעבן צווייטן...

איר האַלט מיך פאַר אַ משוגענעם? אַך, ניין? עס דאַכט זיך מיר, אַז איך ליין דאָס אין אייערע אויגן.... ניין, מיין פריינט, איך בין נאָך נישט משוגע. דאָס, וואָס איך דערצייל אייך, איז אמת אַלץ איז אמת. די טויטע קומען צוריק.

ע־ קומט צוריק, אַ סך מאָל, עס איז שרעקלעך! אַך, עס איז שרעקלעך!

איר זעט: גאַנצע נעכט פלעג איך ציטערן, עס האָט מיר געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן; עס האָט זיך

מיר געדאַכט, אַז מיינע ביינער צעשיטן זיך פאַר שרעק, טאַנצן אַרויס פון די גליד-שלעסער. איך האָב גע-פילט אויף מיין קאָפּ נישט קיין האָר, נאָר נאָדלען, און אַזוי האָט געדויערט ביזן פרימאָרגן צי זיינען מיינע האָר נישט גראָ? זאָגט: מיינע האָר זיינען נישט גראָ געוואָרן?

איך דאַנק אייך, מיין פריינט. איר זעט: איך ציטער שוין נישט מער. איך בין קראַנק, איך ב'ן זייער קראַנק וויפל יאָר מיינט איר בין איך אַלט? פון וויפל יאָר קענט איר מיך שאַצן לויטן אויסזען? איר ווייסט דאָס: איך מוז שטאַרבן; און וואָס גיכער איז בעסער.

און אויב אַזוי, בין איך שוין רויק, אינגאַנצן רויק. איך וועל אייך אַלץ דערציילן פון אָנהייב אָן, אַזוי ווי איר ווילט, כסדר. איך בין נאָך ביים קלאָרן זינען איך פאַרזיכער אייך.

דאָס איז געשען מיט צוועלף אָדער דרייצען יאָר צוריק. דאָס איז געשען אין אַ הויז פון די בייע קוואַרטאַלן אין שטאָט, אין אַ מין פריוואַטן פענסיאָ-נאַט. מיר האָבן זיך דאָרט געפונען אַ צוואָנציק אָנגע-שטעלטע, אַלטע און יונגע. אין איין-און-דער זעלבער שעה, פלעגן מיר אַלע גיין עסן בא איין טיש. מיר האַבן זיך פיל-ווייניק געקענט איינער דעם צווייטן,

כאָטש מיר האָבן נישט אַלע געאַרבעט אין איין ביוראָ. און מיט דרייצען יאָר צוריק האָב איך זיך דאָרט באַקאַנט מיט וואַנצערן, דזשוליאָ וואַנצער.

— איר. . . צי האָט איר געזען. . . דעם טויטן? צי האָט איר נישט געפונען עפּעס אויסערגעוויינטלעכס אין זיין פּנים, אין זיינע אויגן? אָך, ניין. . . זיינע אויגן זיינען געווען צוגעמאַכט. . . אָבער נישט ביידע, נישט ביידע. איך ווייס דאָס באַשטימט. איך מוז אָבער שטאַרבן, כאָטש שוין צוליב דעם, עס זאָל פאַרשווונדן דער איינדרוק פון מיינע פינגער, וועלכע האָבן זיך צוגעריירט צו זיינע ברעמען, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט צומאַכן. . . איך פיל דאָס דאָ. . . איך איך פיל דאָס שטענדיק, פּונקט ווי עס וואָלט מיר צוגעטשעפּעט געוואָרן אַ שטיקל פון יענער הויט. קוקט, קוקט זיך צו. איז דאָס נישט אַ האַנט, וועלכע הייבט שוין אָן אָפּצושטאַרבן! באַטראַכט נאָר.

יאָ, עס איז אמת. מען דאַרף גאָרנישט טראַכטן. זייט מיר מוחל. אַצינד וועל איך אייך דערציילן ביזן סוף. ווו האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט?.. איך האָב אַזוי

גוט אָנגעהויבן צו דערציילן, און דערנאָך בין איך אַראָפּ פון וועג! דאָס איז געוויס דער רעזולטאַט פון דעם, וואָס איך האָב געפּאַסט. עס איז געוויס אַזוי, עס קען אַנדערש נישט זיין. שוין צוויי טעג, ווי איך האָב אין מיין מויל נישט געהאַט.

צום ערשט דערמאַן איך מיך אָן דער צייט, ווען איך בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ ליידיקן מאָגן; איך האָב מיך דאַמאָלס געפונען אין אַן אויסערגעוויינטלעכן צושטאַנד. עס איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַ מין משוגעת. עס האָט זיך מיר פּשוט געדאַכט, אַז איך זע מאָדנע זאַכן...

אַך, אָט איז עס. איר זענט גערעכט. איך האָב אייך דערציילט, אַז איך האָב מיך דאָרט באַקאַנט מיט איינעם אַ וואַנצער.

און דאָרט איז דער דאָזיקער וואַנצער געווען דער גאַנצער בעל-הבית, געהאַט די איבערהאַנט איבער אַלע און איינגאַנצן נישט געקענט פאַרטראָגן קיין ווידער-שפּרוכן. ער פלעגט שטענדיק שרייען אויף אַלע און צייטנווייז זיך אַפילו פאַרמעסטן מיט די הענט אויך. עס פלעגט נישט אַריבער קיין אָוונט, ער זאָל זיך נישט האָבן מיט עמיצן דורכגעווערטלט. מען האָט אים דאָרט זייער געהאַסט, און גלייכצייטיק זיך געשראָקן

פאַר אים, ווי פאַר אַ טיראַן. בשעת זיין אָפוועזנהייט פלעגן אלע אויף אים אויסרעדן וואָס איינער האָט נאָר געקענט. מען פלעגט אים פאַרשעלטן די יאָרן, אָבער עס איז געגוג געווען, ער זאָל זיך באַווייזן, און אַלע זיינען גלייך אַנטשוויגן געוואָרן. די מער שרעקעדיקע פלעגן שמייכלען צו אים, זיך צוחנפענען, אַבי צו געווינען חן באַ אים. און פאַרוואָס האָבן זיך אַלע פאַר אים אַזוי געשראָקן?

ביזן היינטיקן טאָג קען איך דאָס נישט פאַרשטיין. באַם טיש פלעגט מיר אויסקומען צו זיצן פונקט קעגנ-איבער אים. נישט ווילנדיק פלעג איך שטענדיק האַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט. איך קען אייך נאָך ביז היינט נישט איבערגעבן מיינע געפילן צו אים. איך האָב אים נישט געקענט ליידן, און גלייכצייטיק האָט עס מיך געצויגן צו אים. דער מענטש האָט געהאַט אַ מין כישוף, מיט וועלכן ער האָט מיך דאַמאָלס באַצויבערט.

איינמאָל, אין אַ נאָכמיטאָג, איז פאָרגעקומען אַ גע-שפּרעך צווישן וואַנצערן און איינעם אינגלעטי, וועלכער איז גראָד געשטאַנען לעבן מיר. וואַנצער האָט זיך איינגעקשנט און אויפגעהויבן זיין שטימע. אינגלעטי האָט אים אָבער נישט געוואָלט נאָכגעבן. איך בין גע-שטאַנען, ווי אַן איינגעגראָבענער, און מיינע אויגן, ווי

צוגעבונדן צום טעלער, וועלכער איז אויפן טיש געשטאַנען, איך בין נישט דרייסט געווען זיי אויפצוהייבן. פּלוצלינק האָט וואַנצער אַ כאַפּ-געטון אַ גלאָז און עס מיט כעס אַ וואָרף געטון אין זיין קעגנער אַריין. אים האָט ער נישט געטראָפן, און דאָס גלאָז איז גראָד אויף מיין שטערן צעשמעטערט געוואָרן; איר קענט נאָך אַצינד באַמערקן דעם צייכן, אויב איר גלייבט מיר נישט.

ווען איך האָב דערפילט, אַז מיין בלוט גיסט זיך מיר איבערן פּנים, האָב איך גלייך פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, בין איך שוין געווען אַרומגעבאַנדאַזשירט. וואַנצער איז געשטאַנען לעבן מיר, געשטאַנען, און מיט אַ כלומרשט פאַרטרויערטן פּנים זיך אַנטשולדיקט פאַר מיר. דערנאָך האָט ער מיך באַגלייט מיט אַ דאָקטאָר צו מיר אין שטוב אַריין, געהאָלפן מיך אַ צווייט מאָל באַנדאַזשירן און דערנאָך געוואָלט פאַרבלייבן באַ מיר ביז שפּעט אין דער נאַכט. אינדערפרי איז ער ווידער געקומען. ער פלעגט זייער אָפט קומען. און פון דאַמאָלס אָן האָט זיך אָנגעהויבן מיין שקלאַפעריי.

מיינע געפילן צו אים זיינען געווען נישט קיין אַנדערע, ווי געפילן פון אַן אָנגעשראַקענעם הונט. ווע־

ער פֿלעגט אַריינקומען צו מיר אין צימער, פֿלעגט ער זיך פֿילן דער בעל־הבית. ער פֿלעגט אויפֿעפֿענען מיי־נע שיפֿלאָדן, זיך קעמען מיט מיינע קאַמען, רייכערן מיין לולקע, איבערוואַרפֿן און לייענען מיינע בריוו, און אויב עפּעס אַ זאַך פֿלעגט אים געפֿעלן, פֿלעגט ער זי צו־נעמען און אָן אַ שום שאלה אַוועקגיין מיט איר. פֿון טאָג־צו־טאָג איז זיין העזה קעגן מיר געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער, און מיין מוט קעגן אים, אַלץ נידערגעשלאָגענער און נידערגעשלאָגענער. איך האָב פֿאַרלוירן מיין אייגענעם ווילן, און אַזוי אַרום בין איך אינגאַנצן אַרונטערגעפֿאַלן אונטער זיין מאַכט. ער האָט באַ מיר צוגערויבט אַלע מיינע מענטשלעכע געפֿילן, און געמאַכט האָט ער דאָס מיט דער זעלבער שנעל־קייט, ווי ער האָט באַ מיר אַ האָר פֿון קאָפּ אַרויסגע־ריסן.

אפשר מיינט איר, אַז איך בין נישט געווען באַ מיין פֿולן זינען, ניין. איך האָב גאַנץ גוט געוווּסט, וואָס איך האָב געטון איך האָב מיר אָפּגעגעבן אַ ריכטיקן באַגריף פֿון אַלעם: פֿון מיין שוואַכקייט און פֿון מיין דערנידערונג, פֿון מיין אַבסאָלוטער אוממעגלעכקייט — זיך אַרויסצורייסן פֿון זיין איבערמאַכט.

איך בין גאָרנישט אומשטאַנד אייך אַרומצושרייבן,

למשל, די דאָזיקע געפילן, וועלכע עס האָט מיר פאַר־שאַפט מיין ווונד עס איז מיר פשוט אוממעגלעך איינ איבערצוגעבן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, ווען מיין תלין איז איינמאָל אין אַ העלן מיטוואָך צוגעגאַנגען צו מיר, אַריינגענומען מיין קאָפּ צווישן זיינע הענט באַטראַכטנדיק די ווונד, וועלכע איז נאָך געווען פריש און פייכט. דערנאָך האָט ער אַ פּאָר מאָל דורכגעפירט זיין האַנט איבער דעם דאָזיקן אָרט און אַ זאָג געטון:

— שוין אינגאַנצן פאַרהיילט. אין א חודש אַרום וועט שוין קיין סימן דערפון נישט זיין. דו דאַרפסט גומל בענטשן.

עס האָט זיך מיר דאַמאָלס געדאַכט, אַז איך האָב אויף מיין קאָפּ נישט קיין ווונד, נאָר אַ שאַנד־שטעמפּל, אַ שטעמפּל פון אַ שקלאַף, וועלכן איך האָב געפילט מיט מיין גאַנצן גוף.

איך פלעג אים נאָכגיין, ווו ער האָט נאָר אַליין גע־וואָלט; איך פלעג אים שעהן לאַנג אָפּוואַרטן אינדרויסן, שטייענדיק בּאַ אַ טיר, איך פלעג גאַנצע נעכט אויף־זיין, כדי צו קאָפירן די בריוו, וועלכע ער האָט מיט־געבּרענגט פון זיין ביוראָ, איך פלעג צעטראָגן זיינע בריוו פון איין עק רוים ביזן צווייטן; הונדערטער מאָל פלעג איך אַראָפּגיין און אַרויפגיין אויף די טרעפּ פון

מאָנטע פּיעטאָ; נישט איינמאָל פלעגט מיר אויסקומען אַרומצולויפן פון איין פראָצענטניק צום צווייטן, צו באַקומען געלט, מיט וועלכן ער האָט זיך געדאַרפט ראַטעווען. ער פלעגט מיך אַ סך מאָל פאַרפירן אין שפּיל־הייזער, און דאָרט פלעג איך, אַ פאַרחלושטער און אויסגעמאַטערטער, אָפּשטיין לעבן זיין שטיל ביזן העלן טאָג אַריין. פאַרשיידענע קללות פלעגן זיך שיטן פון זיין מויל. איך פלעג פשוט דערשטיקט ווערן פון רויך, וועלכער איז געדיכט אין דעם צימער געשטאַנען. מיין הוסט פלעגט אים אַרויסברענגען פון געדולד און ער פלעגט מיר מאַכן פאָרווורפן, אַז איך בין שולדיק אין דעם, וואָס ער האָט נישט קיין גליק אין די קאָרטן. ווען ער פלעגט שוין זייער אַ סך פאַרשפּילן, פלעגט ער אַרויסלויפן אין די לערע גאַסן און אין דער פינסטערניש מיך נאָכשלעפּן נאָך זיך, ווי אַ שמאַטע. ער פלעגט גיין און איך נאָך אים. ער פלעגט מאַכן מיט די הענט, שעלטן, ביז דער שאָטן פון אַ שענק פלעגט אים נישט צוציִען צו זיך.

אָך מיין פריינט! צי געפינט זיך נישט אַזאַ מענטש, וועלכער וואָלט מיר געקענט אַנטפּלעקן דעם דאָזיקן סוד, איידער איך וועל שטאַרבן? צי געפינען זיך נישט אויף דער ערד נאָך אַזעלכע מענטשן, וועלכע, באַגעגנדיק

זיך מיט אנדערע מענטשן, זאלן זיי אומשטאנד זיין זיי גלייך צו פארשקלאפן? צי קען מען צונעמען בא איינעם זיין ווילן אזוי לייכט, ווי מען הייבט אויף א שטיקל שטרוי? צי איז דאס מעגלעך, מיין פריינט? און פארוואס?

אין דער געגנווארט פון מיין „תלין" האט מיין אייגענער ווילן אינגאנצן נישט עקזעסטירט. און איך האב דאך געהאט פארשטאנד; און מיין מוח האט גע-ברויזט, איבערפולט פון געדאנקען; איך האב געליינט א סך ביכער, איך האב געוווסט א סך זאכן און פאר-שטאנען א סך זאכן. נאר איין זאך, איין איינציקע זאך האב איך פארשטאנען מער פאר אלעם: אז איך בין א פארפאלענער מענטש. טיף אין מיר, אין מיין הארץ איז פארבארגן געווען א מין שרעק, א ציטער; פון יענעם אוונט אן, וואס ער האט מיך פארוווּנדעט, איז פאר-בליבן אין מיר די שרעק פאר בלוט. די צייטונגס-כראָ-ניק פלעגט מיך נישט לאזן רוען, פלעגט מיר צורייבן מיין שלאף. טיילמאל באנאכט, ווען איך פלעג דורכגיין מיט וואנצערן א פינסטערן קארידאר, אדער ארויפגיין אויף פינסטערע שטיגן, ווו דאס ליכט האט קוים גע-לויכטן, פלעגט מיר א ציטער דורך מיינע ביינער דורכ-גיין, די האר פלעגן זיך מיר קאפויר שטעלן. מיינע

גערראַנקען זיינען אויף אַזוי ווייט געוואָרן אָנגעשטרענגט, אַז עס פּלעגט זיך מיר אַ סך מאָל באַ נאַכט דאַכטן, אַז עמיצער שטיקט מיך.

ניין, עס איז נישט געווען אַזוי... עס איז געווען דאָס, וואָס עס האָט נישט געקענט זיין. איך האָב מיר אַזוי געקלערט: עס איז מיר געוויס באַשערט, אַז איך זאָל אין איין נאַכט שטאַרבן אויף אַן אַכזריותדיקן אופן פון די דאָזיקע הענט. דאָס איז גאַנץ באַשטימט. עס קען גאָר אַנדערש נישט זיין...

אָבער זייט אויפמערקזאַם צו מיינע רייד. ווען וואַנצער וואָלט מיך יענע נאַכט נישט געווען געקומען זוכן אין טשיראָס צימער; ווען איך וואָלט דאַמאָלס נישט געווען געזען ליגן דאָס מעסער אויפן טיש. ווען עס וואָלט מיר דאַמאָלס נישט געווען עפּעס פּלוצלינג אין האַרץ אַריינגעקומען, דאָס, וואָס עס האָט מיר דעם אימפּעט געגעבן, דאַן...

יאָ דאָס איז אמת. איר זענט גערעכט. איך האָלט נאָך ערשט באַם אָנהייב, און איך וועל אייך דערציילן ביזן סוף! איר קענט גאָרנישט פאַרשטיין, כּל־זמן איך וועל אייך נישט דערציילן אינגאַנצן ביזן סוף. דאָך בין איך שוין מיד, עס גיסט זיך מיר שוין אין קאָפּ. איך האָב אייך שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן, מיין פריינט. אין

מיין קאָפּ איז שוין גאָרנישט דאָ; ער איז פּוסט, פּוסט, ער איז אָנגעפּולט מיט לופט, פּונקט ווי אַ פּעכערזש. איך קען אייך שוין גאָרנישט דערציילן, שוין, שוין...

אַך, עס איז שוין אריבער. גענוג. איך דאַנק אייך. איר זענט דאָך זייער אַ גוטער; האָט מיטלייד מיט מיר. קיינער האָט מיט מיר קיינמאָל קיין מיטלייד נישט געהאַט, קיינער.

איך פיל מיך שוין בעסער; איך קען שוין פאָרטזעצן. איך וועל אייך דערציילן פון איר, פון דזשינעווראַ.

נאָך דעם צופאַל מיטן גלאָז האָבן עטלעכע חברים פאַרלאָזט דעם פּענסיאָן, אַנדערע האָבן זיך אויסגעדריקט, אז זיי וואָלטן דאָ ווייטער געבליבן, ווען וואַנצער זאָל אויסגעשלאָסן ווערן. די בעל-הביתטע פון פּענסיאָן האָט וואַנצערן גלייך אָפּגעזאָגט. און נאָך דעם, ווי ער האָט זיך, ווי געווייינטלעך, מיט אַלע צעווערטלט, האָט ער דעם פּענסיאָן פאַרלאָזט. מיין ווונד איז שוין דאַמאָלס געווען פאַרהיילט און איך בין שוין אימשטאַנד געווען אַרויסצוגיין. ער האָט מיך געוואָלט מיט זיך מיטנעמען, זייענדיק זיכער, אַז איך וועל אים פאָלגן.

אַ לאַנגע צייט האָב איך, קעגן מיין ווילן, אַרומגע־
שלאָנדזשעט מיט אים פון איין רעסטאָראַן אין צווייטן,
כאָטש פאַר אַנדערע שוין מידע פון לעבן וואָלטן אפשר
געזעלכע שעהן געווען שעהן פון באַרויקונג אין פאַר־
געסנהייט, פאַר מיר אָבער איז דאָס געווען אַן אמת
מאַטערניש. דאָס עכן איז מיר פון מויל געקראָכן,
איך האָב געפילט אַ שרעקלעכן עקל, זיך צוהערנדיק,
ווי וואַנצער האָט מיט די ליפּן געשמאָטשקעט. ער
האָט געהאַט שרעקלעכע ליפּן, ווי אַ גרויסער הינט, וועל־
כער שטייט אויף אַ קייט און איז בכח די גאַנצע קייט
איינצושלינגען, און ביסלעכווייז האָט זיך אין מיר
דער דורשט אָנגעצונדן, דאָס איז איז אַזאַ דורשט,
וואָס אויב ער ווערט נאָר איינמאָל אָנגעצונדן, דויערט
ער שוין אַזוי ביזן טויט אַריין.

איינמאָל אין אַן אָוונט האָט מיך וואַנצער פריי־
געלאָזט. און צומאָרגנס האָט ער מיר געמאָלדן, אַז
ער האָט געפונען זייער אַן אָנגענעם אָרט, וווּהין ער
וויל מיך גלייך אַוועקפירן.

— איך האָב געפונען. דו וועסט דיך איבערצייגן. דו
וועסט צופרידן זיין.

און אין אמתן, דער נייער פּענסיאָן איז געווען אַ סך
בעסער פאַרן אַלטן די באַדינגונגען זיינען אויך געווען

פיל בעסערע. דאָ האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע
אַלטע חברים מיינע פון ביוראָ. טייל פון זיי האָב
איך נאָך גוט געדענקט. איך בין געבליבן. איר ווייסט:
איך האָב אַנדערש נישט געקענט, ווי בלייבן דאָרט.

אין ערשטן אָוונט, ווען מען האָט דערלאַנגט דאָס
עסן צום טיש, האָבן צוויי אָדער דריי מיט דערהוי-
בענע שטימען אַ פרעג געטון:

— און דשינעווראַ? ווו איז דשינעווראַ?

מען האָט געענטפערט, אַז דזשינעווראַ איז קראַנק.
האָבן זיך אַלע אָנגעהויבן נאָכצופרעגן וועגן איר, און
אַלע האָבן אויסגעדרוקט זייער באַדױרונג. עס האָט זיך
געהאַנדלט וועגן אַ קרענק פון זייער אַ לייכטער פאָרם.
אין פאַרלויף פון געשפרעך האָט זיך דער נאָמען פון
דער אָפּוועזנדער נישט איינמאָל אַריבערגעטראָגן פון
איין מויל צום צווייטן. דער דאָזיקער נאָמען איז אַרויס-
גערעדט געוואָרן מיט אַ האַלב מויל, אַזוי, אַז ער איז
געוואָרן צווייַדייטיק, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט
אַרויסגערופן תאוותדיקע ווונטשן באַ די אַלע מענטשן:
יונג און אַלט. איך האָב מיך אין פלוג באַמיט אויפצו-
כאַפּן פאַרשיידענע ווערטער. איין לעבּ-יונגל, וועלכער איז
געזעסן קעגן מיר, האָט אָנגעהויבן באַשרייבן דזשינעווו-
ראַס מויל; ער האָט גערעדט און זיך גערויטלט, געקוקט

אויף מיר, ווייל איך האָב מיך צוגעהערט מיט אַן אומגעוויינטלעכער אויפמערקזאַמקייט. איך דערמאַן מיך, אַז איך האָב מיר דאַמאָלס פאָרגעשטעלט אין די געדאַנקען די פיגור פון דער אָפּוועזנדער. ווען איך האָב זי שפּעטער דערזען, האָב איך מיך איבערצייגט, אַז איך האָב זי מיר כמעט ריכטיק פאָרגעשטעלט. איך דערמאַן מיך נאָך אַצינד אָן וואַנצערס אויסדריקלעכער באַוועגונג, וואָס ער האָט געמאַכט, אָן זיין האַלזונג, וועלכע איז אָנגעזאַפּט געוועזן מיט תאווה, אָן די פּאָרנאָגראַפישע פּראַזן, וועלכע זיינע ליפּן האָבן אַרויסגעלאָזט. און איך דערמאַן מיך, אַז, אַרויסגייענדיק פון דאָרט, האָט זיך שוין געהאַט דערוועקט אין מיר די ליידנשאַפט צו דער דאָזיקער פרוי, וועלכער איך האָב נאָך אינגאַנצן נישט געהאַט געזען מיט מיינע אויגן. איך האָב דערפילט אַ לייכטע אומרויקייט, אַ מין פּראָפעטישע דערהויבענע שטימונג.

מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען צוזאַמען: איך, וואַנצער און אַ געוויסער דאָבערטי, דער זעלבער, וועלכער האָט גערעדט וועגן דשינעוווראַס מויל. אויפן וועג האָבן זיי ביידע אַלץ ווייטער גערעדט וועגן פרעכער תאווה, און פלעגן זיך אַלע מינוט אָפּשטעלן, צו קענען לאַכן און לאַכן. איך בין געבליבן אַ ביסל אונטערשטעליק. אַ

שרעקלעכע מעלאַנכאָליע, אַן איבערפלוס פון פינסטערע און טונקעלע געפילען האָבן געדרוקט מיין דערשלאָגן און אַנגעווייטיקט האַרץ.

און אַצינד, אין צוועלף יאָר אַרום, דערמאַן איך מיך אָן יענעם אָוונט. איך האָב קיין זאַך נישט פאַרגעסן, אַפילו די קלענסטע נאַרישקייט שטייט מיר לעבעדיק אין זכרון. אַצינד ווייס איך, וואָס איך האָב דאַמאָלס געפילט, אַז אין יענעם אָוונט איז באַשטימט געוואָרן מיין גורל, און ווער האָט דאָס געקענט פאָרויסזאָגן.

צי איז דאָס מעגלעך? צי איז דאָס מעגלעך? אַן איינפאַכער נאָמען פון אַ פרוי; דריי קלינגענדיקע סילאַבן עפענען אייך אויף אַן אומפאַרמיידלעכן אָפּגרונד, וועלכן איר זעט גוט און ווייסט אַז ער איז אומפאַרמיידלעך. צי איז דאָס מעגלעך?

אַ פאָרגעפיל, אַ בת-קול... ווערטער! ווערטער! איך האָב געליינט אין ביכער. ניין, נישט אַזוי, נישט אַזוי. צי האָט איר אַמאָל אַריינגעקוקט, דאָרט? צי האָט איר א מאָל אויפגעוועקט אייער נשמה?

און אַז עס טוט אייך ווי, דאַכט זיך אייך נישט, אַז די וויטאָק איז אַ נייע, אַז איר האָט נאָך אַזאַ וויטאַק קיינמאַל נישט געפילט? אַט פריידט איר אייך.

דאכט זיך אייך נישט, אז אייער פרייד איז א בייע, אז איר האט נאך אזא פרייד קיינמאל נישט איבערגעלעבט? — א טעות! אן אילוזיע! אלץ איז שוין פארזוכט געווארן, אלץ איז שוין געשען. אייער נשמה איז צונויפגעזעצט פון טויזנטער, פון צענדליקער טויזנטער פיצעלעך נשמות, וואס האבן שוין אמאל דורכגעלעבט א גאנץ לעבן, וואס האבן באשאפן אלע פענאמענס, וואס האבן צוגעהאלפן אלע פענאמענס. איר ווייסט צו וואס איך וויל אייך דערפירן? זייט אויפמערקזאם! דאס, וואס איך זאג אייך, איז א בולטער אמת; אן אמת, וואס איז אנטדעקט געווארן דורך איינעם, וועלכער האט יארן־לאנג אין דעם גוט ארייגעשטודירט. הערט זיך גוט צו, דאס איז אן אמת, וועלכער איז וויכטיקער פון די זאכן, וואס אירווילט וויסן. ווען...

א צווייט מאל? מארגן? פארוואס מארגן? איר ווילט אפשר נישט איך זאל אייך ארויסזאגן מיינע געדאנקען?

אך, די פאקטן, די פאקטן, תמיד די פאקטן! די פאקטן זיינען גארנישט, זיי זיינען גארנישט ווערט. עס זיינען דא אזעלכע זאכן אויף דער וועלט, מיין פריינט, וואס האבן א גרעסערן ווערט.

זייער גוט. נאָך אַ פראַגע: פאַרוואָס האָט זיך אויס־געלאָזט אַזוי, אַז דזשינעווראַ איז טאַקע ענלעך געווען צו דער פיגור, וועלכע מיין הארץ האָט מיר פאָרגע־זאָגט? לאָמיר עס לאָזן אָן אַ זייט. נאָך אַ דריי, פיר טעג נישט זיין, איז זי אַריינגעקומען אין זאַל. טראָ־גנדיק אַ זופּן־וואַזע. פון דער וואַזע איז אויפגעגאַנגען אַ פּאַרע, וועלכער האָט פאַרשלייערט איר פּנים.

יאָ, מיין פריינט: זי איז געווען אַ דינסט־מיידל, וואָס האָט אונדז באַדינט.

צי האָט איר זי געזען? צי האָט איר זי געקענט? צי האָט איר מיט איר גערעדט? צי האָט זי מיט אייך גערעדט? אויך איר וואָלט איבערגעלעבט די זעלביקע אינערלעכע, אומפאַרשטענדלעכע אומרויִקייט, אויב זי וואָלט אייך אָנגערירט מיט אַ האַנט.

אַלע מענטשן האָבן זי פאַרלאַנגט, אַלע וואָלטן זיך געווונטשן זי צו האָבן. און זיי וועלן נישט אויפהערן זי צו פאַרלאַנגען. וואַנצער איז געשטאָרבן; אָבער וואָס גייט דאָס זי אָן, זי וועט האָבן אַן אַנדערן גע־ליבטן, הונדערט געליבטע. זי וועט אַזוי לאַנג כּסדר

אַנדערע האָבן, ביז זי וועט נישט אַלט ווערן, ביז די ציין וועלן איר פון מויל נישט אַרויספאַלן. ווען זי פלעגט די גאַס דורכגיין, פלעגט זיך דער פירשט פון זיין קאָטש אַרויסבייגן זי אָנצוקוקן, פלעגט זיך דער בעטלער אָפּשטעלן זי צו באַטראַכטן. אין אַלעמענס אויגן האָב איך די זעלבע פונקען באַמערקט, האָב איך די זעלבע געדאַנקען געלעזן.

און זי האָט זיך געענדערט, אַ סך געענדערט. דאַמאָלס איז זי 20 יאָר אַלט געווען. אומזיסט באַמי איך מיך שטענדיק אויפצוועקן זי אין מיינע זכרונות אַזעלכע, ווי איך האָב זי דאָס ערשטע מאָל דערזען. דאָ שטעקט דער גאַנצער סוד. צי האָט איר דאָס קיינמאָל נישט באַמערקט? אַ מענטש, אַ חיה, אַ געוויקס, אָדער אַזוי אַן אַנדערע זאַך, גיט אייך איר ריכטיק אויסזען איבער, נאָר אין יענעם ערשטן מאָמענט, ווען איר דערזעט זי. דאָס איז אַזוי, ווי די זאַך וואָלט אייך דאַמאָלס אַוועקגעגעבן איר אומשולדיקייט. אין אַ מינוט אַרום איז זי שוין נישט די זעלבע, איז זי שוין גאָר אַן אַנדערע זאַך. ווייל אייער גייסט, אייערע נערוון טראַנספאָרמירן זי איבער, פאַרפאַלשן און פאַרטונקלען זי, גענוג, זייט געזונט.

זייער גוט, איך האָב תמיד מקנא געווען דעם מענטש

וועלכער האָט דאָס דאָזיקע באַשעפעניש צום ערשטן מאָל געזען. איר הערט זיך צו, צי ביין? עס דאַכט זיך מיר, אַז איר הערט מיך נישט. איר מיינט געוויס, אַז איך בין פון זינען אַראָפּ, אַז איך בין צעמישט, און אַז איך ווידערשפּרעך מיך, עס איז אומנוצלעך. לאָמיר עס לאָזן אָן אַ זייט; און לאָמיר זיך בעסער אומקערן צו די פאַקטן..

. . . אַ צימער, אַ באַלויכטנס מיט גאַז, גוט באַוואַרעמט מיט אַ טרוקענער וואַרעמקייט, וואָס טרוקנט דורך די הויט; אַ ריח און אַ פּאַרע פון די געקעכצן; אַ טומל פון אומדייטלעכע שטימען; צווישן אַלע שטימען די הילכיקע שטימע פון וואַנצערן. דערנאָך ווערט אַ קליינע פּויזע, און אַ טויטע שטילקייט באַהערשט דאָס צימער. אַ האַנט האָט מיך לייכט אָנגערירט, צוגענומען אַ טעלער פון לעבן מיר און אַוועקגעשטעלט אַ צווייטן, וואָס עס האָט אַרויסגערופן אַ לייכטן ציטער אין מיר. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זי נעמט מיך אַרום. אַלע, וואָס זיינען אַרום דעם טיש געזעסן האָבן דאָס זעלבע איבערגעלעבט: מען האָט דאָס באַשיינפּעלעך געזען. די היץ איז שטיקנד געוואָרן, די אויערן האָבן זיך אָנגעצונדן און די אויגן האָבן גלאַנצן אָנגעהויבן. אַ פרעכער און בעסטיאַלישער אויסדרוק האָט זיך באַוויזן אויף

די פּנימער פון די מענטשן, וועלכע האָבן דאָ צוזאַמען געגעסן, געטרונקען און דערגרייכט דעם איינציקן ציל פון זייער אַלטעגלעכן לעבן. דער איבערפלוס פון זייער אומריינקייט האָט מיך אַזוי שטאַרק פאַרווונדעט, אַז איך האָב געמיינט, אַז איך וועל נישט אויסהאַלטן. איך האָב מיך אָנגעלענט אויפן ווענטל פון שטול, צוריקגעצויגן מיינע עלנבויגנס, צו דערווייטערן אַזוי אַרום דעם שטח צווישן מיר און מיינע שכנים. איין שטימע האָט זיך אָנגערופן:

— עפּיסקאָפּאָ האָט בויך־ווייטאָק.

אַ צווייטע שטימע האָט געשריגן:

— ניין; עפּיסקאָפּאָ איז פאַרליבט. איר האָט נישט געזען וואָסער פּנים ער האָט געמאַכט, ווען דזשינעווראַ האָט אים דאָס עסן דערלאַנגט?

איך האָב מיך געמאַכט, אַז איך לאַך. איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן און מיך באגעגנט מיט דזשינעווראַס אויגן, וועלכע זיינען אָנגעשטעלט געווען אויף מיינע מיט אַ צווייידייטיקן אויסדרוק.

זי איז אַרויס פון צימער. דאַמאָלס האָט פיליפּאָפּאָ דאָבערטי געמאַכט אַ קאָמישן פאָרשלאַג.

— מיינע טייערע, דאַ איז דאַ איין אויסוועג. איי־

נער פון אונדז אַלע האָט חתונה מיט איר .. אויפן חשבון פון די אַנדערע.

ער האָט דאָס נישט פּינקטלעך אַזוי אַרויסגעזאָגט. ער האָט דאָס אויסגעדרוקט מיט ברוטאַלע ווערטער; ער האָט דערביי אָנגעוויזן אויף דעם פאַרהאַלטן זיך קעגן איר פון די אַנדערע.

— לאָמיר גורל וואַרפן! לאָמיר גורל וואַרפן! מען דאַרף אויסקלויבן אַ מאַן.

וואַנצער האָט אויסגערופן:

— עפּיסקאָפּאָ!

— פירמע עפּיסקאָפּאָ עט קאָמפּאניע.

די גוואַלט האָבן זיך פאַרגרעסערט.

דזשינעווראַ, וועלכע האָט דאָס אַלץ דערהערט, איז אַריינגעקומען. זי האָט אַ שמייכל געטאָן מיט אַ רויקן און זיכערן שמייכל, וועלכער האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט אים גאָרנישט געפילט.

וואַנצער האָט אויסגעשריגן:

— עפּיסקאָפּאָ, גיי בעט זי.

צוויי אַנדערע זיינען צוגעגאַנגען מיט אַ געצוווּנגענער ערנסטקייט צו דזשינעווראַן און געבעטן באַ איר, אין מיין נאָמען, איר האַנט.

זי האָט געענטפערט מיט איר געוויינטלעכן שמייכל:

— איך וועל א טראַכט טון.

איך האָב מיך ווידער מיט איר בליק באַגעגנט. און איך ווייס נישט פּינקטלעך, צי עס האַנדלט זיך וועגן מ י ר, צי מען רעדט וועגן מ י ר, צי איך בין דאָס ד ע ר עפּיסקאָפּאָ, פון וועלכן מען לאַכט. איך בין גאָרנישט בכח מיר פאָרצושטעלן דעם אויסדרוק פון מיין פּנים...

דאָס איז אַ חלום, אַ חלום. דער דאָזיקער גאַנצער פּעריאָד פון מיין לעבן איז נאָר אַ חלום. איר קענט גאָרנישט פאַרשטיין, איר קענט אייך גאָרנישט פאָר־שטעלן די געפילן, וואָס איך האָב איבערגעטראָגן, און די געוויסנס־שמערצן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט. אין חלום האָב איך נאָך אַמאָל איבערגעלעבט אַ טייל פון מיין שוין אָפּגעלעבטן לעבן; איך בין געווען ווי אויף א רעפּעטיציע פון אַ גאַנצער סעריע ־מיינע גע־שעענישן. ווען? ווער ווייסט דאָס? איר קענט נאָך צו־געבן, אַז איך בין נישט געווען זיכער מיט מיין אייגענעם „איך". טיילמאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב

פאַרלוירן מיין אייגענע פּערזאָן; אַן אַנדערט מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז מיין „איך” איז אַ קינד־טלעכער. אַך, ווי סודותכּול עס זיינען די נערוון פון מענטש!

איך וועל פאַרקירצן. איינמאָל אין אַן אָוונט האָט אונדז דשינעווראַ געמאָלדן, אַז זי האָט גענומען אור־לויב, זי פאַרלאָזט איר דינסט; זי האָט געזאָגט, אַז זי פילט זיך נישט גוט; זי פאָרט אוועק אין טיוואָלי, וווּ זי רעכנט צו פאַרבלייבן עטלעכע וואָכן ביי איר שוועסטער. באַם געזעגנען האָבן איר אַלע געדריקט די האַנט זי האָט פאַר אַלע איבערגעהזרט:

— צום ווידערזען! צום ווידערזען!

און מיטן זעלבן שמייכל אויף די ליפּן האָט זי זיך אויך צו מיר געווענדט:

— מיר זיינען פאַרלאָבט, הער עפּיסקאָפּאָ, איר גע־דענקט דאָך דאָס.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב מיך צוגערירט צו איר; און צום ערשטן מאָל האָב איך איר דאַמאָלס אַריינגעקוקט אין די אויגן, מיט דעם מיין זי דורכצודרינגען. זי איז פאַרבליבן אַ סוד פאַר מיר.

דעם צווייטן טאָג נאָכמיטאָג זיינען אַלעמענס פּנימער

געווען פאַרחושכט. וואַנצער האָט אַ זאָג געטון:

— דאָך איז דאָבערטיס איינפאַל געווען נישט קיין שלעכטער.

האָבן זיך דאַמאָלס אַלע אויסגעדרייט צו מיר און אָנגעהויבן זייערע נאַרישע שפּיצלעך.

די דאָזיקע קאָמפּאַניע אידיאָטן איז מיר שטאַרק נמאס געוואָרן; דאָך האָב איך מיך נישט געפּרוּווט דערווייטערן פון זיי. איך האָב אַלץ ווייטער באַזוכט דאָס דאָזיקע הויז, ווי איך האָב, נישט קוקנדיק אויף דעם געפילדער און די שטענדיקע שפּאַסערייען, דאָך געקענט באַפרוכטן מיינע טונקעלע און זיסע פאַנטאַזיעס. וואָכן־לאַנג האָב איך, צווישן די ערגסטע ערנידערונגען און צווישן די ערגסטע יסורים פון מיין פאַרשקלאַפטן לעבן, איבערגעלעבט אַלע אַנגסטן פון אַן איידעלער און פאַרשקלאַפטער ליבע. אויפן 28 יאָר פון מיין עלטער איז מיין נשמה פּלוצלינג ווידער יונג געוואָרן, און איך האָב איבערגעלעבט אַלע ליידנשאַפטן, אַלע צערטלעכקייטן און אַלע טרערן פון אַ יונגען בחור. . .

אָך מיין פריינט, גיט נאָר אַ טראַכט: אַזאַ נס מיט אַזאַ וועזן, ווי מיינס, וואָס איז אַלט, פאַרוועלקט און אויסגעטריקנט פון קאָפּ ביז די פיס.

נאָר איין אויסערגעווײנטלעכע, אומדערוואַרטע גע־שעניש האָט מיך צעמישט און צעדרייט. שוין עט־לעכע טעג, ווי וואַנצער איז געווען פרעכער און אויפ־געררייצטער ווי געוויינטלעך. די לעצטע פינף זעקס נעכט האָט ער געהאַט פאַרברענגט אין אַ שענק. אין איינעם אַ פרימאָרגן איז ער אַריינגעקומען צו מיר אין צימער אַריין, בלייך ווי אַ טויטער, און זיך האַסטיק אַוועקגע־זעצט אויף אַ שטול. צוויי, אָדער דריי מאָל האָט ער זיך געמאַכט, ווי ער וויל אָנהייבן צו רעדן; מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעהויבן און אָן אַ שום סיבה פאַר־לאָזט דאָס צימער. אַרויסגייענדיק האָט ער אויף מיר אַפילו קיין קוק נישט געטון.

און דעם זעלבן טאָג האָבן אים מיינע אויגן שוין מער נישט באַגעגנט. איך האָב אים מיטאָגצייט נישט געזען און דעם צווייטן טאָג אויך נישט.

מיר זיינען געזעסן באַם טיש, ווען עס איז פּלוצלינג אַריינגעקומען איינער קוועסטאָרי, וואַנצערס אַ חבר, און געזאָגט

— איר ווייסט דאָס נייס? וואַנצער איז אַנטלאָפן.

תחילת האָב איך אים נישט גוט פאַרשטאַנען, אָדער איך האָב נישט געגלייבט; אָבער מיין האַרץ האָט מיר שטאַרק קלאַפּן אָנגעהויבן.

עטלעכע האָבן אַ פרעג געטון:

— וואָס זאָגט איר? ווער איז אַנטלאָפן?

— וואַנצער, דזשוליאָ וואַנצער.

איך קען אייך נישט פּונקטלעך איבערגעגעבן, וואָס איך האָב דאַמאָלס איבערגעלעבט; איין זאַך ווייס איך נאָר, עס האָט מיר מער הנאה געטון, ווי עס האָט מיך געאַרט און די, וואָס זיינען געזעסן לעבן מיר, האָבן אַרויס־געוויזן אַ שרעקלעכע אויפרעגונג, אַ שנאה, א כעס קעגן דעם מענטש, וואָס איז פריער געווען מיין הערשער.

— און דו? — האָט צו מיר איינער פון די אויפ־גערעגטע אַ געשריי געטון. — און דו שווייגסט? ביסטו נישט געווען וואַנצערס קנעכט? האָסטו אים נישט גע־טראָגן זיינע וואַליזעס צו דער באַן־סטאַציע?

און אַ צווייטער האָט מיר געזאָגט:

— דו ביסט געווען דעם גנבס שמש. האָסט דיר געוואָלט מאַכן אַ קאַריערע.

און נאָך איינער:

— וואָס פאַר אַ דינסט וועסטו אַצינד אָננעמען? וועסט דיך, אפשר, שטעלן אין דינסט בײַ דער פּאָליצײַ?

אָט אַזוי האָבן זיי פון מיר חוזק געמאַכט; זיי האָבן מיר געוואָלט שמערצן פאַרשאַפן, ווייל זיי האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַ פחדן.

איך האָב מיך אויפגעהויבן און בין אוועקגעגאַנגען פון דאָרט. איך בין אַרויס אויף דער גאַס און זיך געלאָזט גיין, ווו די פיס האָבן מיך נאָר געטראָג: פריי, פריי, פריי ביזן סוף.

עס איז דאַמאָלס געווען אַ מערץ-נאַכט, אַ ליכטיקע נאַכט, כמעט אַ וואַרעמע. איך בין פאַרבייגעגאַנגען פאַר די פיר פאָנטאַנען און געשפּרייזט אין דער ריכטונג צום קווירינאַל. איך האָב געזוכט פרייע ערטער; איך האָב געוואָלט מיט איין אָטעם אַריינציִען אין זיך די גאַנצע לופט, איך האָב געוואָלט באַאָבאַכטן די שטערן, זיך צוהערן צום גערויש פון וואַסער, שאַפן עפּעס אַ פּאָעטישע זאַך אין מײַנע רעיונות, אויסטראַכטן עפּעס אויף שפּעטער. איך האָב מיר כסדר געחזרט: — פריי, פריי; איך בין אַ פרייער מענטש. — איך בין פשוט געווען פאַרעכּורט. איך בין נאָך דאַמאָלס נישט געווען בכח צו קלערן, צו קאָנצענטרירן מײַנע געדאַנקען, אָדער באַטראַכטן מיין צושטאַנד. איך האָב באַקומען יונגלערישע פאַרלאַנגען: איך האָב געוואָלט דערפילן טויזנטער זאַכן מיט איינמאָל, כדי פעסטצושטעלן מיין פרייהייט פאַרבייגייענדיק פאַר אַ קאַווע-הויז, האָט אַ שלאָג געטון אין מײַנע אויערן אַ גאַנצע כוואַליע מוזיק; איך האָב מיך אויפגעכאַפּט פון מײַנע

רעיונות, איך בין דארט גלייך אריין, מיט אן אויפגע־הויבענעם קאפ. עס האט זיך מיר געדאכט, אז איך האב א שטאלץ איסוען. איך האב מיר געהייסן דער־לאנגען קאניאק, און ווען מען האט די פלאש אויפן טיש אוועקגעשטעלט, האב איך פון איר דריי, אדער פיר גלעזלעך אויסגעטרונקען.

די לופט אין קאווע־הויז איז געווארן א שטיקנדיקע. ווען איך האב אנגעהויבן אראפצונעמען דעם הוט, האב איך מיך דערמאנט אן שראם אויפן שטערן, און אין זכרון בא מיר האט זיך אויפגעוועקט די שרעקלעכע פראזע: — דו ביסט א שמש בא א גנב. — עס האט זיך מיר דאמאלס געדאכט, אז אלע קוקן מיר אויפן שטערן און וויזן אן אויפן צייכן; איך האב א קלער געטון: — וואס מיינען זיי? אפשר מיינען זיי, אז דאס איז א וווּנד, וועלכע איך האב באקומען אויף א דועל. און כאטש איך האב מיך קיינמאל אויף קיין דועל נישט געשלאגן, בין איך דאך פון דעם דאזיקן געדאנק צופרידן געבליבן. אויב איינער וואלט דא־מאלס געוועט צוגעקומען, זיך אוועקגעזעצט לעבן מיר און אנגעהויבן א שמועס מיט מיר, וואלט איך געוויס געפונען שטאף אים וועגן דועל צו דערציילן. אבער קיינער איז צו מיר נישט צוגעקומען. אין א צייט ארום

איז איינער צו מיר צוגעקומען נעמען די שטול, וואָס איז געשטאַנען קעגן מיר אויף דער צווייטער זייט טיש. נישט ער האָט אויף מיר קיין קוק געטון, נישט ער האָט געבעטן דערלויבניש; ער האָט אַפילו נישט קיין קוק געטון, צי איך האַלט די פיס אויף איר. ער איז געווען אַ גראָבער יונג; נישט אמת?

איך בין אַרויסגאַנגען. איך האָב מיך געלאָזט גיין איבער די גאַסן, ווי נאָר דער ווינט האָט געבלאָזן. דאָס שכרות האָט מיך גלייך פאַרלאָזט. איך האָב מיך געפילט זיך אומגליקלעך, נישט חיסנדיק אַפילו פאַרוואָס. פּלוצלינג האָט מיך באַהערשט אַן אומקלאָרע אומרויקייט, וועלכע איז פון מינוט-צו-מינוט געוואָרן אַלס גרעסער און דייטלעכער. עס איז מיר אַריין אַ געדאַנק אין קאָפּ: אפשר געפינט ער זיך נאָך אַלץ אין רוים, און האָט זיך דאָ ערגיץ באַהאַלטן? אפשר שפּאַצירט ער אַרום איבער די גאַסן, אַן איבערגעקליידטער? אפשר וואַרט ער מיך אָפּ באַ אַ טיר ערגעץ און וויל מיט מיר רעדן? אפשר וואַרט ער מיך אָפּ אין דער פינסטער אויף די טרעפּ? אַ שוידער איז מיר אַדורך. איך האָב מיך צוויי, אָדער דריי מאָל אומגעקוקט, כדי זיך איבערצוצייגן, צי קיינער גייט מיר נישט נאָך. איך בין אַריין אין אַ צווייטן קאַווע-הויז, פּונקט ווי איך וואָלט מיר געזוכט אַ רעטונגס-אָרט.

שפּעט, גאַנץ שפּעט האָב איך מיך באשלאָסן צו־לאָזן אַהיים. יעדע זאך, יעדע גערויש אויף דער גאַס איז געווען גענוג איך זאָל מיך שטאַרק איבערשרעקן. אַ מענטש, וועלכער איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן טראָטואַר האָט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ טויטן קערפּער.

— אַך, פאַרוואָס האָט ער זיך דאָס לעבן נישט גענומען? — האָב איך מיר געקלערט — פאַ־וואָס האָט ער דעם מוט נישט געהאַט זיך דאָס לעבן צו־נעמען? און דאָך איז דאָס געווען פאַר אים די בעסטע זאַך, וואָס ער האָט געדאַרפט טון. שפּעטער אַ ביסל, האָב איך מיך באַרויקט, וואָרים איך האָב מיך דערמאַנט, אז אַ סך מאָל איז דער טויט פיל בעסער איידער דאָס אַנטלויפן.

איך בין זייער ווייניק געשלאָפן; איך בין די גאַנצע צייט געווען אומרויק. נאָר קוים האָב איך אויפגעעפנט די ברעמען, ווי אַ געפיל פון פאַרלייכטערונג האָט זיך אויף דאָס ביי פאַרשפּרייט איבער מיין גאַנץ וועזן: דאָס איז אַזאַ מין געפיל, וואָס איר קענט עס גאָרנישט פאַרשטיין, ווייל איר זענט קיינמאָל קיין שקלאַף נישט געווען.

אין ביוראָ האָב איך באַקומען די פּונקטלעכסטע ידיעות וועגן וואַנצערס פאַרשוווּנדן ווערן. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ גרויסע געלט־פאַרשווענדונג אין דער מלוכה־באַנק, וווּ ער האָט געאַרבעט אַלס אָנגע־שטעלטער שוין עטלעכע יאָר. עס איז אַרויסגעגעבן געוועז אַ באַפעל צו אַרעסטירן אים, אָבער אָן שום רעזולטאַט: מען האָט אים נישט געקענט געפונען. אַ סך זיינען געווען זיכער, אַז ער געפינט זיך שוין אויסערן געפאַר, און מען וועט אים נישט כאַפּן.

זיך פילנדיק אינגאַנצן פריי, האָב איך אָנגעהויבן צו לעבן נאָר מיט מיין סוד, מיט מיין פאַרבאָרגענער ליבע. איך האָב געפילט, אַז איך קום ווידער צו מיר, פּונקט ווי נאָך אַ לאַנגער קרענק; איך האָב דערפילט אַז עס איז מיר אַראָפּ אַ משא פון קערפּער, אַז איך בין יינגער געוואָרן, און עס האָט זיך מיר געגלוסט וויינען. די לעצטע טעג פון מערץ און די ערשטע טעג פון אַפּריל האָבן מיר פאַרשאַפט אַזאַ אָנגענעמע זאָרג און פרייד; און אַצינד, אַפילו שוין פאַר מיין טויט, אז איך דערמאַן זיך אָן יענע געפילן, בין איך גליקלעך, וואָס איך בין געבוירן געוואָרן.

בלויז באַ די איינציקע ערינערונגען, בין איך מוחל דזשיראָס מאַמען, דער פרוי, וועלכע האָט מיר אַזוי־

פיל ליידן פאַרשאַפט. איר קענט גאָרנישט פאַרשטיין, מיין פריינט, וואָס עס הייסט אַזוינס פאַר אַ פאַרהאַרטעוועטן און פאַרדאָרבענעם מענטש פון יסורים און אומגערעכטיקייט — צו אַנטפּלעק' אין זיך אַ פאַרבאָרגענע גוטסקייט; דאָס אַנטדעקן אַן אָדער פון צערטלעכקייט אין מיר. איר קענט דאָס גאָרנישט פאַרשטיין, און איר קענט גאָרנישט גלייבן דאָס, וואָס איך זאָג אייך. אָבער גוט; איך רעד ווייטער. אין געוויסע מאָמענטן האָב איך מיך געפילט עפעס ווי ענלעך צו כריסטוסן. זאָל מיך נאָר גאָט נישט שטראָפן פאַר די רייד. איך בין געוואָרן דער שטילסטער און בעסטער מענטש, וואָס קען נאָר זיין.

נאָר ווייטער! לאָזט מיך אַ ביסל זיך אויסוויינען. צי זעט איר דען נישט, ווי עס גיסן זיך מיר טרערן פון די אויגן? אין אַזוי פיל יאָרן פון ליידן האָב איך מיך צוגעוויינט צו וויינען שטילערהייט, אָן זיפצן, אָן יאָמער-געשרייען, כדי מען זאָל מיך נישט הערן, כדי נישט צו באַאומרויקן די פערזאָן, וועלכע איך האָב ליב געהאַט, כדי נישט גמאס צו ווערן דער פערזאָן, וואָס האָט מיר אזוי פיל ליידן פאַרשאַפט. זייער ווייניק מענטשן אויף דער וועלט קענען אַזוי וויינען. גוט, מיין פריינט, דאָס, וואָס איך האָב אייך דערציילט,

וועט בלייבן אין אייער זכרון. ווען איך וועל שוין טויט זיין, וועט איר דערציילן, אַז דער אומגליקלע-כער דזשיאָוואַני עפּיסקאָפּאָ האָט זיין גאַנץ לעבן גע-ווּסט, ווי אַזוי צו וויינען אין דער שטיל.

ווי אַזוי איז דאָס געשען, וואָס אין יענעם זונטיק-דיקן פרימאָרגן האָב איך מיך פלוצלינג געפונען אין טראַמוויי אויף טיוואָלער גאַס? איך קען מיך וועגן דעם נישט גוט דערמאַנען. צי איז דאָס אַ משוגעת? צי איז דאָס געווען אַ צושטאַנד פון נאַכט-וואַנדלעריי? איך פאַרזיכער אייך, אַז איך ווייס נישט.

איך בין געגאַנגען אין דער וועלט אַריין. נאָך אַמאָל האָט דאָס געפיל פון ווירקלעכקייט מיך פאַרלאָזט. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך געפין מיך אין אַ באַ-זונדערע אַטמאָספערע, וועלכע איזאָלירט מיך פון דער גאַנצער אויסערלעכער וועלט. און די דאָזיקע געפילן האָבן מיר מיין לייב, ווי מיט שפילקעס געשטאָכן. איך קען אייך דאָס אַלץ נישט אויסדרוקן מיט קיין ווער-טער. דער שטח, וועלכן איך בין אָפּגעפאָרן האָט מיר אויסגעזען אומענדלעך ווייט. . .

צי קענט איר זיך גאָר פאָרשטעלן אַזאַ משוגעדיקן גייסטיקן צושטאַנד ? וויפל איך זאָל אייך דאָס נישט אַרומשרייבן, וועט דאָס אייך דאָך אַלץ אויסזען ווי אַן אַבסורד, אומנאַטירלעך. זייער גוט, שטעלט אייך פאָר, אַז ביזן היינטיקן טאָג האָב איך כסדר געלעבט אין אַזאַ אומאָרדנונג, צווישן אַזעלכע שטערונגען און אַזאַ פאַלטשקייט. פאַרעסטעזיע, דיסעסטעזיע. . . אַ סך, אַ סך צונעמען האָבן זיי מיר געגעבן פון מיינע קרענק. אויסהיילן האָט מיך קיינער נישט געקענט. אַ גאַנץ לעבן האָב איך מיך באַוווסטזיניקערהייט געפונען אויפן ראַנד פון משוגעת, פונקט ווי אַ מענטש, וואָס שטייט איינגעבויגן באַ אַן אָפּגרונט און וואַרט פון מינוט-צו-מינוט אָפּ דעם העכסטן קאָפּ-שווינדל, דעם אַראָפּ-שטורץ אין אַן אייביקער פינסטערניש.

ווי קלערט איר ? איידער איך וועל צומאַכן מיינע אויגן, וועל איך געוויס דאָס באַוווסטזיין פאַרלירן ? צי האָט מיין פּנים אויף זיך סמנים פון דעם, וואָס איך רעד ? פאַרוואָס מאַכט איר זיך גאָרנישט וויסנדיק ? גיט אַן אויפריכטיקע תשובה, מיין טייערער פריינט ; פאַר-וואָס ענטפערט איר מיר נישט ?

אַ:ן אויב מיר איז נישט באַשערט צו שטאַרבן ! אויב

א־ך דאַרף נאָך לעבן לאַנג, אין אַ דול־הויז, ווי אַ משוגענער!

ניין; איך בין מיך מודה ומתודה, אַז דערפאַר שרעק איך מיך נישט. איר ווייסט דאָך.. אַז זיי ביידע קומען צו מיר באַנאַכט. אין אַ געוויסער נאַכט וועט זיך געוויס טשיראָ באַגעגענען מיט אַן אַנדערן: איך ווייס דאָס געוויס, איך זע דאָס פּאָר. און...

דאַמאָלס? דער אויפברויז פון כעס, דאָס שרעקלעכע משוגעת, אין דער פינסטערני־ש...

— מיין גאָט, גאָט מיינער! דאָס וועט שוין זיין מיין סוף.

האַלוצינאַציע, יאָ; נישט אַנדערש. איר זאָגט גוט. אַך, יאָ, יאָ, איר זאָגט ג־ט: עס איז גענוג אַ שטיקל ליכט — איך זאָל מיך באַרויקן, ווייל איך שלאָף שטאַרק; יאָ, יאָ, אַ שטיקל ליכט, גאָר פּשוט, אַ שטיקל ליכט. איך דאַנק אייך, מיין ליבער פריינט.

ווו האָבן מיר זיך געפונען? — אַך, שוין אין טיוואָלי.

— אַ שרעקלעכער ריח פון שוועבל־וואַסער; און ווייטער אַרום אָליוון־ביימער, גאַנצע אָליוון־וועלדער; און אין מיר אַ מאָדנע פּרימיטיוו געפיל, וואָס צעשפּרייט

און צעווייעט זיך שנעל. איך בין אַראָפּ פון טראַמוויי. אויף די גאַסן האָבן אַרומגעשפּאַצירט מענטשן אַהין־און־צוריק; די פּאַלמען אויף דער זון האָבן געשיינט, די גלאָקן האָבן געקלונגען. איך האָב געוווּסט, אַז איך וועל זי דאָ באַגעגענען

— אַך הער עפּיסקאָפּאָ! פון וואַנען נעמט איר אייך דאָ אַהער?

דאָס איז דזשינעווראַס שטימע; דאָס איז דזשינעווראַ פאַר מיר געשטאַנען, אַ צעמישטע, און מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

— פאַרוואָס זענט איר אַזוי בלאַס? צי זענט איר דען קראַנק געווען?

זי קוקט אויף מיר און לאַכט, וואַרטנדיק ביז איך וועל אָנהייבן רעדן. צי איז דאָס די פרוי, וועלכע האָט זיך געדרייט אַרום טיש, אין אַ צימער פול מיט רויך, וואָס איז באַלויכטען געווען מיט גאַז? צי איז דאָס מעגלעך, אַז דאָס איז די זעלבע. ענדלעך האָב איך עפּעס אַרויסגעזאָגט.

זי איז צוגעשטאַנען:

— אָבער ווי קומט איר אַהער? וואָס פאַר אַן אַ באַראַשונג!

— זיך צו זען מיט אייך.

— אַך, צי געדענקט איר, מיר זיינען דאָך פאַרלאָבט?

דערנאָך האָט זי צוגעגעבן:

— דאָס איז מיין שוועסטער, קום מיט אונדז אין קלויסטער. בלייב היינטיקן טאָג מיט אונדז; דו באַשטייסט? שטעל זיך פאָר אַלס אַ חתן.

זי איז געווען פריילעך, באַריידעוודיק, פול אומדערוואַרטע איינפאַלן, פאַרפירערישע חנדלעך. זי איז געווען פשוט געקליידט, אָבער מיט גראַציע, כמעט מיט עלעגאַנץ. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף מיינע חברים.

— און וואַנצער!

זי האָט פון דער גאַנצער מעשה געוווּסט פון אַ ציַיטונג.

— איר זענטביידע געווען גרויסע גוטע פריינט, נישט אמת?

איך האָב איר גלייך נישט געענטפערט. אַ ווײַלע האָבן מיר ביידע געשוויגן; זי האָט זיך פאַרטראַכט. מיר זיינען אַריין אין אַ קלויסטער, וועלכער איז באַפּוצט געווען מיט געבענטשטע פּאַלמען. דזש-נעוורא האָט דיך געשטעלט אויף די קני לעבן איר שוועסטער, זי האָט אויפגעעפנט איר געבעט-ביכעלע און אָנגע-

הויבן בעטן. איך בין געשטאנען פון הינטן און בא טראַכט איר האַלדז; באַמערקנדיק אַ קליינעם ברוינעם צייכן באַ איר אויפן האַלדז, האָב איך א ציטער געטון. אין דעם זעלבן מאָמענט האָט זי אויסגעדרייט איר קאָפּ א'ן באַשענקט מיך מיט אַ ברענענדיקן בליק.

ווידער די זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט! און וואָס קען מיך קימערן די צוקונפט! עס עקזיסטירט נאָר די געגנוואַרט, און פאַר מיר עקזיסטירט נישט מער, נאָר די איינציקע פרוי. אָן דער פרוי בלייבט מיר נישט קיין אַנדערע זאַך, ווי שטאַרבן.

אַרויסגייענדיק, האָט זי מיר דערלאַנגט אַ פאַלמען-צווייג. איך האָב א קוק געטון אויף איר, נישט אַרויסזאָגנדיק קיין איינציק וואָרט; עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דורך דעם קוק איז פאַר איר אַלץ קלאָר געוואָרן. מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צו איר שוועסטער. מען האָט אונדז איינגעלאַדן אין שטוב אַריין. דזשיבעוורא האָט מיר אַ זאָג געטון, אַרויפגייענדיק אויפן באַלקאָן:

— קומט, קומט אַ ביסל אַהער, איר וועט זיך דער וואַרעמען אויף דער זון.

מיר זיצןביידע אויפן באַלקאָן, איינער לעבן צווייטן. די זון באַלויכט אונדז מיט אירע ליכטיקע שטראַלן;

כסדר, אָן אויפהער קלינגען אונדז די גלאָקן אין די אויערן. זי רעדט זייער שטיל, כמעט ווי אין זיך:

— ווער האָט דאָס געקענט אויף אים אַזוינס טראַכטן?

מיין האַרץ האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעפולט מיט אַ גרענעצלאָזער צערטלעכקייט. איך בין מער נישט געווען „איך”. איך האָב זי אַ פרעג־געטון מיט אַן אומזיכערער שטימע:

— מיר זיינען דאָך פאַרלאָבט?

זי האָט אַ ווייַלע געשוויגן. דערנאָך האָט זי געענטפערט, אויפהייבנדיק פּאַמעלעך אירע אויגן:

— איר ווילט דאָס? זייער גוט. מיר זיינען.

עס האָט זיך דערהערט אַ רוף פון אַ נעווייניק. דאָרט האָט זיך געפונען אַ שוואָגער, עטלעכע אַנדערע קרובים און אַ פּאָר קינדער. איך האָב מיך דאָרט געהאַלטן, ווי אַן אמתדיקער חתן! בּאַם טיש בין איך געזעסן לעבן דזשינעווראַן. נישט איינמאָל האָבן מיר זיך ביידע אונטערן טישטוך די הענט געדרוקט עס האָט זיך מיטאַמאָל אין מיר אַ שרעקלעכע תאווה דערוועקט, אַזוי, אַז איך האָב געמיינט, איך וועל עס נישט אויסהאַלטן. דער שוואָגער, די שוועסטער און אַלע קרובים האָבן פון מיר זייערע אויגן נישט אַראָפּגענומען: זיי האָבן מיך

כּסדר באַטראַכט מיט אַ מין נאַרישער נייגעריקייט.

— אָבער וואָס קען דאָס זיין, וואָס קיינער ווייסט פון אים גאָרנישט?

— און אפילו דו, דזשינעווראַ האָסט פון אים קיין וואָרט נישט דערמאַנט!

מיר האָבן אַלע געלאַכט, געשפּאַסט, זיך נאַריש געמאַכט, גערעדט פון דעם, פון יענעם, און אַז אַלץ איז אַן אַבסורד, אַ חלום...

יאָ, אַן אַבסורד, אומגלויבלעך, נאַריש; נאַרישער קען שוין גאָרנישט זיין און אַזאַ פאַל האָט זיך אויך געטראָפן מיט מיר, דעם מאַנסביל פון דער וועלט, דזשיאָוואַני עפּיסקאָפּאָ, און דער פרוי פון דער דאָזיקער וועלט, דזשינעווראַ קאַנאַלע; און פאָרגעקומען איז דאָס, פונקט אַזוי, ווי איך האָב אייך שוין דערציילט.

אַך, מיין פריינט, איר קענט לאַכן וויפל איר ווילט איך וועל מיך גאָרנישט באַליידיקן.

דער טראַגישער פאַרס. ווו האָב איך אַזאַ זאַך

געלײַנט? — קײן קאָמישערע, קײן געמײנערע, קײן ווילדערע זאַך געוויס נישט.

זי האָט מיך גערופן צו איר מוטער און איך בין געגאַנגען. דאָס איז געווען אַן אַלט הויז אויף מאָטאַ־נאַראַ גאַס; די טרעפּ זײַנען געווען ענגע, פײַכטע, גלי־טשיקע. ערגיץ־וווּ דורך אַ שפּאַלט האָט זיך אַרײַנגע־גנבעט אַ שוואַכער זונען־שטראַל. די דאָזיקע גרינלעכע, ענלעכע צו אונטערערדישע, שטראַלן, זײַנען אומפאַר־געסלעך. אַלץ האָב איך גוט אין מײַן זכרון! אַרויפ־גײענדיק, האָב איך כמעט בײַ יעדער טרעפּל פאַר־האַלטן, ווײַל עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אָט־אָט פאַרליר איך די גלײַכגעוויכט, פּונקט ווי איך וואָלט געגאַנגען אויף שווימענדיק אײַז. וואָס העכער איך בין אַרויפגעגאַנגען אויף די דאָזיקע טרעפּ אַלץ פאַנטאַס־טישער האָט מיר אויסגעזען די שײַן; עס האָט גע־הערשט אַ סודותפולע, טויטע שטילקײַט, אין וועלכער עס האָבן זיך געהערט אָפּקלאַנגען פון ווײַטע אומ־פאַרשטענדלעכע שטימען. מיטאַמאָל האָב איך דערהערט, ווי אַ טיר האָט זיך האַסטיק אויפגעעפנט; און אַ שרעק־לעכע פרויען־שטימע האָט פאַרהילכט די טרעפּ. דער־נאָך האָט זיך די טיר צוריק צוגעמאַכט מיט אַזאַ קראַך, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז די שטוב פאַלט אײַן.

איך אויף מיר האָט די הויט אַ ציטער־געטון, און איך בין געבליבן שטיין אין אַ גרויס פאַרלעגנהייט. אַ פיגור האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזט פון די טרעפּ, האַלטנ־דיק זיך האַרט באַ דער וואַנט. עס האָט זיך גערדאַכט, אַז די פיגור גייט נישט, נאָר זי גליטשט זיך. פון די גרויסע גרויע לאָקן האָט אַרויסגעשטעקט אַ קאָפּ, וועלכער האָט עפּעס געברומט און געקניכעט. ווען ער האָט מיך פאַרטשעפּעט, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, איך האָב מיך באַגעגנט מיט אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע ברילן, וועלכע האָבן אַרויסגעשטעקט פון אַ רויטן פּנים, וואָס איז געווען ענלעך צו אַ רוי שטיק פליש.

דער מענטש האָט מיך אָנגענומען פאַר איינעם זיינעם אַ באַקאַנטן און האָט אויסגערופן:

— פּיעטראָ!

ער האָט מיך אָנגעכאַפּט באַם אָרעם. עס האָט מיר אַ שלאָג־געטון אין פּנים אַריין אַ ריח פון בראָנפן. ער האָט זיך אָבער באַלד אַרומגעזען, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט און זיך אָנגעהויבן ווייטער אַראָפּלאָזן. איך, פון מיין זייט, האָב אָנגעהויבן ווייטער אַרויפצוגיין. איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר איך בין געווען זיכער, אַז איך האָב דאָ באַגעגנט אַ פּערזאָן פון דער פאַמיליע. באַלד דערנאָך האָט זיך מיר באַוויזן אַ טיר,

אויף וועלכער עס איז געשטאַנען אָנגעשריבן: „עמיליאַ קאַנאַלע, אַ מעקלערין פון מאָנטר־די־פּיעטאַ, וועלכע האָט אַן ערלויבניש פון דער פּאָליציי“. וועלנדיק אַרויס פון מיין וואַקלענדיקער לאַגע, האָב איך מיר געמאַכט מוט און אַ צי־געטון דאָס גלעקל. אָבער קעגן מיין ווילן האָב איך אַזאַ שטאַרקן צי געטון, אַז דאָס גלעקל האָט אָנגעהויבן שרעקלעך צו קלינגען. איך האָב דערהערט פון אינעווייניק אַ בייזע שטימע. איך האָב אין איר דערקענט די זעלבע פרעכע שטימע. די טיר האָט זיך אויפגעעפנט; עס האָט מיך באַהערשט אַ פּאַניק, און נישט קוקנדיק, וואָס עס טוט זיך פאַר מיינע אויגן, האָב איך מיט אַ נישט זיכערער שטימע אַרויסגערעדט:

— איך בין עפּיסקאָפּאָ, דזשיאָוואַני עפּיסקאָפּאָ, דער אָנגעשטעלטער... איך בין געקומען, ווי איר ווייסט שוין... נאָך אייער טאָכטער... ווי איר ווייסט שוין... זייט מיר מוחל, זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב אַ צו שטאַרקן צי־געטון דאָס גלעקל.

פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען דזשינעוראַס מוטער, אַ גרויע, נאָך זייער אַ שיינע און בליענדע, אַ מעקלערין, מיט אַ גאָלדענע קייט אויפן האַלדז, מיט צוויי גאָלדענע אויערינגלעך און גאָלדענע רינגען אויף אַלע

פינגער. מיט האַלבע ווערטער האָב איך געבעטן איר־
טאָכטערס האַנט — איר דערמאַנט זיך — דער באַ־
ווּסטער פאַרשלאג פון פיליפאָפּאָ דאָבערטי!

אַך, מיין פריינט, איר קענט לאַכן וויפל איר ווילט,
איך וועל מיך נישט באַליידיקן

צי דאַרף איך אייך געבוי דערציילן אַלץ, וואָס איז
געשען טאָג־באַטאָג שעה־באַ־שעה? צי ווילט איר וויסן
יעדע קליניקייט, יעדע קליינע סצענע, מיין גאַנץ
לעבן, מיין משוגען, קאָמיש, אומגליקלעך לעבן פון
יענעם טאָג אָן ביז דער לעצטער גרויסער גע־
שעעניש? איר ווילט לאַכן? איר ווילט וויינען?
איך קען אייך אַלץ דערציילן. ווי פון א בוך אַרויס
ליין איך מיין פאַרגאַנגענהייט. אַזעלכע אָפענע אויגן
קענען האָבן נאָר אַזעלכע, וועמענס סוף עס איז שוין
זייער נאָנט.

אָבער איך בין שוין פאַרמאַטערט, איך פיל מיך
זייער שוואַך, און איר דאַרפט שוין אויך זיין אָפּגע־
שוואַכט. עס איז גלייכער אַ ביסל צו פאַרקירצן די
גע יכטע.

איך פאַרקירץ. באַ דזשינעוראַס מוטער האָב איך
זייער לייכט גופועלט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מעקלערקע איז

אינכּאָרמירט געוועזן וועגן מיין אמט, וועגן מיין גע-האַלט און וועגן אַלע באַדינגונגען, וואָס האָבן אַ שייכות צו מיר.

זי האָט געהאַט אַ קלינגענדיקע שטימע, אַנטשלאָסענע באַוועגונגען, אַ בייזן, כּמעט אַ ווילדן קוק, וועלכער איז צייטנווייז אָנגעפילט געווען מיט חניפה און מיט תאווה, ענלעך צו דזשינעווראַס. ווען זי האָט גערעדט מיט מיר, האָט זי זיך צוגערוקט אַלץ נענטער צו מיר און כּסדר זיך צוגערירט מיט די הענט צו מיר: דאָ האָט זי מיך אַ קליינעם שטופּ געטון, דאָ האָט זי מיך אַ צי-געטון באַ אַ קנעפּל פון מיין אַנצוג, דאָ האָט זי אַראָפּגעוואָרפן אַ שטויבעלע פון מיין פּלייצע און דאָ האָט זי גאָר אַ-אָפּגענומען אַ פאָדעם פון מיין קאַפּעלוש. מיינע נערוון זיינען מיר שרעקלעך אויפגערעגט געוואָרן; איך האָב געליטן פון א פרוי, וועלכע האָט נישט איינמאָל דערלאַנגט איר מאַן מיט די פויסטן.

דער מאַן אירער איז געווען דער מענטש, וועלכן איך האָב באַגעגנט אויף די טרעפּ, מיט בלויע ברילן, אַן אומגליקלעכער אידיאָט.

דער דאָזיקער מאַן איז געווען אַ דרוקער. צוליב אַ אויגן-קראַנקייט האָט ער געמוזט אויפהערן אַרבעטן.

ער האָט געלעבט אויפן חשבון פון זיין ווייב, זיין
זון און זיין שנור. די באַציִונגען צו אים זייבען געווען
ווי צו אַן אָנגעוואָרפענעם. ער האָט ליב געהאַט דעם
טרונק און איז תמיד געניגט געווען צו לעשן זיין
דורשט, דעם שרעקלעכן דורשט. קיינער אין שטוב
האָט אים קיינמאָל קיין גראָשן נישט געגעבן; אָבער
כדי צו פאַרדינען אַ פּאָר מאַרק אויף צו טרינקען,
פלעגט ער שטילערהייט געפינען פאַרשיידענע עצות.
און ווער ווייסט אויף וועלכער גאַס, אין וועלכער
קראָם, מיט וואָסערע מענטשן ער פלעגט פאַרקערן,
וואָסער נידריקע אַרבעט ער פלעגט אויספירן, אבי
צו באַקומען געלט אויף צו טרינקען. אַז עס פלעגט
זיך אים מאַכן די געלעגנהייט, פלעגט ער אַ כאַפּ-טון
אַ קלייד פון שטוב און לויפן עס פאַרקויפן, צו קענען
טרינקען, זיך צו קענען אָפּגעבן דער שרעקלעכער
ליידנשאַפט, זיך צו קענען פאַרגעסן: ער פלעגט זיך
קיינמאָל נישט אָפּשרעקן, נישט פאַר קיין קללות און
נישט פאַר קיין קלעפּ. ווייניקסטנס איינמאָל אין דער
וואָך פלעגט אים דאָס ווייב דערלאַנגען וויפל עס פלעגט
אַרײַן אים אַריין, און אָן שום רחמנות אים אַרויסטרייבן
פון שטוב. אין משך פון צוויי, דריי טעג פלעגט ער
נישט האָבן דעם מוט זיך צוריקצוקערן און קלאַפּן

אין דער טיר. וואוהין פלעגט ער גיין? ווו פלעגט ער לעבן?

פון ערשטן טאָג אָן האָב איך באַ אים נושא חן גע-ווען; פון ערשטן טאָג אָן, ווי איך האָב איך אים נאָר דערקענט, בשעת איך ביך געזעסן און אויסגעהערט די פּלוידעריי פון מיין צוקונפטיקן שוואָגער, איז ער זיך געשטאַנען קעגן מיר און כסדר געלאַכט, אַזוי, אַז זיין אונטערשטע ליפּ, וועלכע איז געווען א ביסל לענ-גער, האָט זיך געהאַלטן אין איין טרייסלען; די דאָ-זיקע ליפּ האָט אָבער נישט גערייצט אַזוי שטאַרק, ווי די צוגעמאַכטע קראַנקע אויגן. ווען איך האָב מיך אויפ-געהויבן אַוועקצוגיין האָט ער מיר אַ זאָג געטון מיט אַ נידריקער און ציטערדיקער שטימע:

— איך וויל מיט אייך מיטגיין.

מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען צוזאַמען. איך האָב באַ-מערקט, אַז זיינע פיס זאָגן זיך אים אָפּ צו פאָלגן. זע-ענדיק, ווי ער וואַקלט זיך און שטייט קוים אויף די פיס, האָב איך אים געזאָגט...

— אפשר ווילט איר אייך אָנשפּאַרן אָן מיר?

דער פּלאַן איז אים געפעלן, און ער האָט זיך אָנ-געשפּאַרט. ווען מיר האָבן זיך שוין געפונען אויף דער גאַס, האָט ער מיך כסדר געהאַלטן באַם אַרעם, נישט

קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך האָב עטלעכע מאָל גע־פּרווט זיך צו באַפרייען פון אים. מ ר זיינען געגאַנגען און געשוויגן; נאָר פון צייט־צו־צייט פלעגט ער זיך אויסדרייען צו מיר און צובייגן זיין קאָפּ אַזוי נאָנט, אַז ער פלעגט מיך אָנרירן מיטן ראַנד פון זיין קאַפּעלוש. כּדי איבערצורייסן די שטילקייט, פלעגט ער זיך מיטאַמאָל צעלאַכן מיט אן אויסערגעוויינטלעכן, קלינגעדיקן געלעכטער.

איך דערמאַן מיך: עס איז געווען בין־השמשות; דאָס וועטער איז געווען זייער שיין. די גאַסן זיינען געווען פול מיט מענטשן. לעבן א קאַווע־הויז האָבן צוויי שפּילער: איינער מיט אַ פליים און דער צווייטער מיט אַ גיטאַרע געשפּילט די אַריע פון כּאַרמען. איך דער־מאַן מיך נאָך: עס איז דורכגעפאָרן אַ קאַרעטע, וועל־כע האָט געפירט אַ פאַרוואונדעטן, אין באַגלייטונג פון צוויי זעלנער.

צום סוף האָט ער מיר געזאָגט, דריקנדיק מיר מיין האַנט:

— איך בין זייער צופרידן; דו ווייסט? זייער צו־פרידן. וואָס פאַר אַ גוטער שוויגערזון דו וועסט זיין! איך האָב דיך שוין זייער ליב געקריגן, דו ווייסט?

ער האָט אַרויסגערעדט די דאַזיקע ווערטער מיט

אַ מין אױפרעגונג, פּונקט װי זײ װאָלטן געקומען; פון אַנטשלאָסענע געדאַנקען, דײטלעכע װונטשן, װעלכע האָבן אים געדריקט און ער האָט זײ געװאָלט אַרױס־זאָגן. דערנאָך האָט ער אָנגעהױבן לאַכן, װי אַ משוגענער. אצינד האָט ער געמאַכט אַ לאַנגע פּױזע, נאָך װעלכער ער האָט אױף דאָס נײ אַ זאָג געטון:

איך בין זײער צופרידן

ער האָט זיך װידער פונאַנדערגעלאכט, נאָר דאָס מאָל שױן קאָנװולסיװ. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער לײדט און מאַטערט זיך פון אַ נערװן־אױפרעגונג. װען מיר האָבן זיך געפונען פאר אַ שױ־פענסטער, װעלכעס האָט געגלאַנצט און געשײנט אינעװײניק, האָט ער האַסטיק אַ זאָג־געטון:

— אפשר װעלן מיר אױסטרינקען אַ גלעזל צוזאַמען?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיך אױך פאַרהאַלטן באַ אַ טיר, לעבן װעלכער עס האָט זיך אױפן טראָטואַר אָפּגעשײנט אַ רױטער פלעק. איך האָב געפילט, אַז עס טרײסלט אים הענט און פיס; אַ דאַנק דער ליכטיקײט, האָב איך דורך זײנע ברילן אַדורך באַמערקט די קראַנקע אָנגעשװאָלענע אױגן.

איך האָב געענטפערט:

— לאָמיר אַרײנגײן.

מיר זיינען אריין אין רעסטאָראַן. דאָרט האָבן זיך גראָד ווייניק טרינקערס געפונען. עס איז נאָר געזעסן אַ גרופּע און געשפּילט אין קאָרטן. מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט אין אַ ווינקל. קאַנאַלע האָט באַפוילן:

— אַ ליטער פון די רויטע

עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס האָט אים ביטאַמאָל אָנגענומען אַ הייזעריקייט. ער האָט אָנגעגאָסן ווייַן אין די גלעזער, טרייסלענדיק זיך ווי אַ פּאַראַליטיקער, מיט איין זופּ האָט ער אויסגעטרונקען; און ווען ער האָט נאָך געזייגט די ליפּן, האָט ער שוין אָנגעגאָסן אַן אַנדער גלאָז. אַוועקשטעלנדיק די פלאַש, האָט ער אַ שמייכל געטון און זיך אָפנהאַרציק מודה געווען:

— שוין דריי טעג ווי איך האָב גאָרנישט געטרונקען.

— דריי טעג שוין?

— שוין דריי טעג וועט זיין. איך האָב קיין געלט נישט. אין שטוב גיט מיר קיינער קיין פּעניק נישט. דו פאַרשטייסט? דו פאַרשטייכט? און איך קען שוין מער נישט אַרבעטן. מיט די דאָזיקע אויגן... זע נאָר, מיין זון.

ער האָט אַראָפּגענומען זיינע ברילן; עס האָט זיך מיר דאַמאָלס געדאַכט, אַז ער האָט אַראָפּגענומען אַ מאַסקע — אזוי האָבן זיך די שטריכן פון זיין פּנים

געענדערט. זיין אויסזען איז געווען שרעקלעך. די אייערשטע ברעמען זיינען געווען אויסגעקראָכן און אָנגעשוואָלן; די נידריקע ברעמען זיינען געווען גראָב פון מאַטעריע. פון מיטן פון דער דאַזיקער רויטקייט און געשווילעכץ האָט מען קוים אַרויסגעזען אַ פּאָר פאַרטערטע שוואַרצאַפּלען, איך וועלכע עס איז געלעגן אַ טיפער, אומענדלעכער טרויער, דער זעלבער אומפאַרשטענדלעכער טרויער, וועלכן חיות האָבן אין זייער בליק, ווען זיי לײַדן. דאָס דאָזיקע בילד האָט אין מיר דערוועקט אַ געפיל פון עקל און רחמנות צוזאַמען. איך האָב אים געפרעגט:

— זיי טון אייך וויי? איר ליידט פון זיי שרעקלעך!

— אַך, שטעל דיר פאָר מיין קינד! די נאָדלען, די נאָדלען, די הילצערנע שפּענדלעך, די שטיקלעך גלאָז, די שטעכעדיקע דערנער... ווען מען וואָלט מיר די אַלע זאַכן אָנגעשטעקט אין די אויגן אַריין, מיין קינד, וואָלט דאָס אַלץ גאָרנישט געווען אין פאַרגלייך...

ער האָט געוויס איבערגעטריבן זיינע ליידן; דאָס איז דערפאַר, ווייל ער האָט געזען, אַז מען ווייזט אים אַרויס מיטגעפיל. און ווער ווייסט, ווי לאַנג ער האָט שוין נישט געהערט קיין וואָרט פון מיטגעפיל

ער האָט איבערגעטריבן זיינע ליידן, כדי צו דערוועקן אין מיר דאָס געפיל פון רחמנות, כדי כאָטש אַמאָל פון עמיצן געטרייסט צו ווערן.

— אַזוי טון זיי אייך וויי?

— זייער.

ער האָט זייער לאַנגזאַם דורכגעווישט די ברעמען מיט אַזאַ שמאַטע, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום קאָליר און קיין שום פאָרם. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעלאָזט די ברילן און מיט איין צי אויסגעזופּט דאָס גלאָז. איך האָב אויך געטרונקען. ער האָט אָנגערירט די פלאַץ און געזאָגט:

— עס איז נישטאָ קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט, מיין קינד.

איך האָב אים באַטראַכט. ער איז מיט קיין שום זאַך נישט ענלעך געווען צו דזשינעוורעאַן. נישט מיט די שטריכן, נישט מיטן אויסזען, נישט מיט די באַוועגונגען; מיט קיין זאַך נישט. איך האָב אַ קלער געטון:

„נישט ער איז דער פאָטער“.

ער האָט ווידער געטרונקען; ער האָט געהייסן באַך

וויין דערלאַנגען; ער האָט דערנאָך אָנגעהויבן רעדן מיט א שטאַרקערע שטימע:

— איך בין צופרידן, וואָס דו האָסט חתונה מיט דזשינעוראַן. און דו מעגסט אויך צופרידן זיין... זייער אַן אָרנטלעכע משפחה, די קאַנאַלע! אויב מיר זיינען אַצינד נישט אָרנטלעך...

ווען ער האָט אויפגעהויבן דאָס גלאָז, האָט זיך אויף זיין פּנים באַוויזן אַ צווייידייטיקער שמייכל, וועלכער האָט מיך שטאַרק באַאוּנרויִקט. דערנאָך האָט ער ווייטער גערעדט:

— אַך, דזשינעוראַ.. דזשינעוראַ האָט דאָך גע־קענט זיין פאַר אונדז אַן אוצר, אויב מיר וואָלטן דאָס נאָר געוואָלט. דו פאַ־שטייסט? דיר קען מען דאָס דערציילן נישט איינעם, נישט צוויי, נישט דריי, נאָר אַ צען, צוואַנציק פאַרשלאגן... און וואָסערע פאַרשלאַגן, מיין קינד!

איך האָב געפילט, אַז איך בין בלאַס געוואָרן פון די דאָזיקע ווערטער.

— דער פּרינץ אַלטיני, צום ביישפּיל... ווי לאַנג איז ער געשטאַנען קעגן מיר! מיט עטלעכע חדשים צוריק, איידער דזשינעוראַ איז אַוועק אין טיוואָלי האָט ער מיך אין אַן אָוונט אַוועקגעשלעפּט ביז צו

זיין פּאַלאַץ. דו פאַרשטייסט? דריי טויזנט לירעס האָט ער גלייך געגעבן; דערנאָך האָט ער אויפגעעפנט זיין הויז פאַר איר. א. אַ. וו. א. אַ. וו.... אָ״, ניין, ניין, עמיליע האָט דאָס תמיד געזאָגט: „עס פּאַסט נישט, עס פּאַסט נישט. מיר האָבן חתונה געמאַכט אייבע, לאָמיר־זשע חתונה מאַכן אויך די צווייטע. אַ באַאַמטן מיט אַ גוטער קאַריערע, מיט אַ זיכערע פּענסיע... מיר וועלן אַזעלכן געפינען". דו זעסט? דו זעסט? דו ביסט געקומען. דו הייסט עפּיסקאָפּאָ, אמת? אַך, ווי דאָס וועט קלינגען! פרוי עפּיסקאָפּאָ, פרוי עפּיסקאָפּאָ...

ער האָט באַקומען לשון. ער האָט אָנגעהויבן לאַכן.

— וואָס, האָסט זי געזען? האָסט זי געקענט? דאָרט אין פּענסיאָן? דערציי̆ל, דערציי̆ל. איך בין גרייט דיך אויסצוהערן.

אין דעם אויגנבליק איז אַריינגעקומען אַ מענטש מיט אַן אָפּשיילעך אויסזען, אַ בלאַסער, און אַ פּנים פול מיט רויטע פרישטשעס. ער איז געווים געזען, אָדער אַ פריזירער, אָדער אַ דינער. ער האָט באַגרוסט קאַנאַלן.

— ווי גייט עס, באַטיסטאַ!

באַטיסטאַ האָט אים צוגערופן און אים דערלאַנגט אַ גלאַז וויין.

— טרינקט, טעאָדאָראָ, פאַר אונדזער געזונט, אָט איז מיין צוקונפטיקער איידעם, דזשינעוראַס התן.

דער אומבאַקאַנטער האָט, אַן אַנטשטוינטער, מיך באַטראַכט מיט אַזאַ פאַר אויגן, אַז זיי האָבן מיך צעטערן געמאַכט, פונקט ווי איך וואָלט דערפילט, אַז מאַרעווקעס קריכן איבער מיין קעפּעל. ער האָט אַ שושקע געטון:

אַך, דאָס איז דאָס דער הער...

— יאָ, יאָ — האָט דער פלוידערזאַק איבערגעריסן — דער הער עפּיסקאָפּאָ.

— אַך, הער עפּיסקאָפּאָ. זייער אָנגענעם... מזל-טוב אייך...

איך האָב דאָס מויל נישט געעפנט. אָבער באַטיסטאָ האָט געהאַלטן אין איין לאַכן, צוגעבנדיק זיך אַ ביסל אויסזען. דער צווייטער האָט אין אַ ווײַלע ארום זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

— אַדיע, באַטיסטאָ, באַ גוטע געלעגנהייטן זיך ווידער צו טרעפן, הער עפּיסקאָפּאָ.

ער האָט מיר אויסגעצויגן זיין האַנט און איך האָב אים געגעבן מיינע.

ווען יענער האָט זיך דערווייטערט, האָט מיר באַטיסטאָ אַריינגעזאָגט מיט אַ שוואַכע שטימע:

— דו ווייסט ווער דאָס איז? דער טעאָדאָראָ...

דאָס איז דער פּאַרטרויונגסמאַן פֿון אַלטן מאַרקיז אַגוט, וועלכער האָט אַ פּאַלאַץ דאָ נאָענט. שוין אַ גאַנץ יאָר, ווי ער דרייט זיך אַרום מיר, צוליב דזשינעווראַ. דו פֿאַרשטייסט? דער אַלטער וויל זי, וויל זי ער איז אין איר שטאַרק פֿאַרליבט; ער וויינט, ער שלאָגט אָפּ זיינע פּיס, ווי אַ קינד, ווייל ער האָט זי ליב. דער מאַרקיז אַגוט, וועלכער הייסט זיך צובינדן צו אַן אייזערנעם בעט אין הייסט זיינע געליבטע זיך שמייסן ביז בלוט... מיר האָבן נישט איינמאָל אין אונדזער הויז געהערט די גוואַלטן... דערנאָך באַשעפטיקט זיך מיט דעם די פּאָליציי. . אַך דו אָרימער טעאָדאָראָ, ווי אַזוי דו ביסט געבליבן! האָסט באַמערקט וואָסער פּנים ער האָט געהאַט? ער האָט דאָס נישט דערוואַרט, ער האָט דאָס נישט דערוואַרט, אָרימער טעאָדאָראָ!

ער האָט כּסדר געהאַלטן אין א״ין לאַכן, און מיך האָט דאָס געזוּנט געקאָסט. מיט אַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אַרויסגעלאָזט אַ קללה. פֿון אונטע־די ברילן זיינען אים פֿגעּרונען צוויי טייכלעך אומ־ריינע טרערן.

— אַך, די אויגן! וואָסער מאַטערניש, ווען איך טרינק!

און נאָכאַמאָל האָט ער אַ־אָפּגענומען זיינע בלויע ברילן; און ווידעראַמאָל א״ז מיר אויסגעקומען צו

באַטראַכטן זיין גאַנץ פאַרמלאַז פּנים, וועלכעס האָט אויסגעזען ווי אַן אָפּגעשונדס, פּונקט ווי די הינטנס פון געוויסע מאַלפּעס, וועלכע געפינען זיך אין די האַרעמס, איר פאַרשטייט? און איך האָב מיך נאָך אַמאָל צוגעקוקט צו די פּאָר שוואַרצאַפּל, וועלכע האָבן שויאך אַרויסגעשטעקט פון דיביידע ווונדן. און נאָך אַמאָל האָט ער אָפּגעריבן זיינע ברעמען מיט דעם שטיק שמאַטע.

— מען דאַרף שוין גיין. עס איז שוין צייט פאַר מיר — האָב איך אַ זאָג געטון.

— גוט, לאָמיר גיין. וואַרט נאָר.

ער האָט אַריינגעשטעקט די הענט אין די קעשענעס און אָנגעהויבן דאָרט זוכן, פּונקט ווי ער וואָלט דאָרט געוואָלט עפּעס געפינען. עס איז אויסגעקומען זייער קאָמיש. איך האָב באַצאָלט. מיר האָבן זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעגאַנגען. ער האָט מיך ווידער אָנגענומען באַם אָרעם. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער וועט מיך שוין דעם אָוונט נישט וועלן אוועקלאָזן פון זיך. פון צייט-צו-צייט האָט ער געלאַכט, ווי אַ משוגענער איך האָב געפילט, אַז ער איז צעמישט, שרעקלעך אויפגערעגט, פּונקט ווי איינער, וואָס וויל עפּעס זאָגן, נאָר וואַגט נישט און שעמט זיך.

— אָ, וואָס פאַר אַ שיינער אָוונט! — האָט ער אַ זאָג געטון, און דער זעלבער קאָוואָלסיווער שמייכל האָט זיך ווידער באַוויזן אויף זיין פּנים.

און פּונקט ווי אַ שטאַמלדיקער, וואָס ווענדט אָן אַלע קרעפטן אַ וואָרט אַרויסצורעדן, אַזוי האָט ער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, וועלכער איז באַהאַלטן געווען אין קאַפּעלוש, אַרויסגעזאָגט:

— גיב מיר פינף לירעס. איך וועל זיי דיר אָפּגעבן.

מיר האָבן זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, איך האָב אַרויסגענומען פינף לירעס און אים אַריינגעשטעקט אין דער האַנט אַריין, וועלכע האָט שרעקלעך געציטערט. ער האָט זיך גלייך אויסגעדרייט און פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער פינסטערניש.

אַך, וואָס פאַר אַ רחמנות! אַ מענטש, וואָס ווערט פאַרצערט פון זיין פאַר־דאָרבנקייט, אַ מענטש וואָס זינקט אַלץ טיפער און טיפער אין אָפּגרונט פון שיכּרות; ער פילט גאַנץ גוט, אַז עס ווערט אַ תּל פון אים, ער זעט גאַנץ גוט, אַז ער גייט אונטער, אָבער ער וויל נישט און קען זיך נישט ראַטעווען... וואָס פאַר אַ רחמנות, מיין פריינט, וואָס פאַר אַ רחמנות! צי ווייסט איר פון אַזאַ זאַ־, וואָס זאָל טרויעריקער זיין פאַר דעם? זאָגט, זאָגט: וואָס קען נאָך זיין ערגערס צווישן

מענטשלעכע ליידן, אַז עס טרייסלען זיך באַ אייך הענט און פיס, צוליב אייער אייגע ער האָפנונגסלאָזער ליידנ־שאַפט. צי קען נאָך זיין אַ טרויריקערע זאַך, ווי הענט, וואָס טרייסלען זיך, ווי קני, וואָס וואַקלען זיך, ווי ליפּן, וואָס קרימען זיך, ווי אַ גאַנצער גוף, וואָס ווערט פאַרצערט פון דער איינציקער באַדערפניש, נאָכצוגעבן דער אומרחמנותדיקער תאווה? זאָגט, זאָגט: וועלכע זאַך איז די טרויריקסטע אויף דער וועלט? וואָס?

און אַצינד, דערזעענדיק פסדר אַרום זיך דעם דאָזיקן שונא, זעענדיק אים אין פולן גלאַנץ, אַנט־דעקנדיק אַלע זיינע שפורן, אויסגעפינענדיק זיין גאַנצע פאַרניכטונגס־קראַפט, זיינע פאַרבאָרגענע פאַוויסטונגס־מיטלען. זען, איר פאַרשטייט? אַלץ זען! זען, ווי יעדער מענטש ליידט, און פאַרשטיין, שטענדיק דאָס פאַרשטיין, און האָבן אַ פאָטערלעך געפיל פון רחמנות צו יעדן פאַרבלאָנדזשעטן, צו יעדן אומגליק־לעכן, און פילן אין אייגענעם גאַנצן וועזן דעם רוף פון דער דאָזיקער דערהויבענער, מענטשלעכער ברידער־לעכקייט, אין יעדן מענטש אין גאַס נישט באַטראַכטן פאַר קיין אומבאַקאַנטן .. איר פאַרשטייט? צי קענט איר פאַרשטיין דאָס אַלץ אין מיר, אין מיר, וועמען איר האַלט פאַר א קליינמוטיקן, פאַר א בידריקן

מענטש, כמעט פאַר אַן אידיאָט?

ניין, איר קענט דאָס נישט פאַרשטיין לײדער אָבער, עס איז אַזוי. עס זײנען פאַרהאַן אַזעלכע, אומדיפּע־רענצירטע, וואָס מישן זיך אויס צווישן מענטשן, פּונקט ווי אין אַ וואַלד, וווּ אַלע ביימער זײנען גלייך; עס זײנען אָבער אויך דאָ אַזעלכע, וועלכע זײנען תּמיד פאַרזאָרגט, וועלכע זוכן תּמיד אַ שטומען ענטפער אויף עפּעס אַ שטומער פראַגע. פאַר די דאָזיקע זײנען קײן פרעמדע אויף דער וועלט נישטאָ.

און לײדער, זייערע הערצער זײנען אָפן פאַר אַלע, אָבער קײנעמס הארץ איז נישט אָפן פאַר זיי.

איך ווייס דאָס, איך ווייס דאָס אַלץ, אָבער ווער ווערט דען געהײלט פון אַזעלכע מענטשן? ווער געניסט פון זייער ליבע? יעדער מענטש טראָגט זיך אַרום מיט אַ סודותפולן געפיל אַזעלכן, וואָס מען קען עס נישט אָנרופן, נישט גוטסקייט, נישט ליבע — דאָס איז אַן איינפאַכער אומבאַזיגבארער ווונטש פון פאַרגעניגן און עגאָיזם. איך ווייס דאָס אַלץ. עס איז נישטאָ קײן מענטש אויף דער וועלט, וואָס זאָל באמת ליבן אַ צווייטן, און עס איז נישטאָ קײן מענטש, וואָס זאָל באמת געליבט ווערן פון אַ צווייטן. איך האָב קײנמאָל נישט געוואָלט

טיף אריינדרינגען אין דעם דאָזיקן געדאנק, פאר מורא איך זאָל דערפון נישט שטארבן.

זייער גוט, מיין פריינט, פון יענעם אָוונט אָן האָב איך מיך געפילט פארבונדן מיט דעם דאָזיקן אומגליקלעכן, אָבער גלייכצייטיק בין איך אים געוואָרן א שונא. כארוואָס? צוליב וואָסערע געהיימע סיבות? צוליב וואָסערע פארבאָרגענע אינסטינקטן? אפשר צוליב דער צוציִונגסקראַפט פון זיין ליידנשאפט, וואָס האָט שוין מיך אויך אָנגעהויבן צו באהערשן? אָדער אפשר האָט דאָ געהאט א ווירקונג זיין האָפנונגסלאָזע אומגליקלעכקייט, וועלכע איז ענלעך געווען צו מיינער און עס איז פאר איר אויך אזוי קיין רעטונג נישט געווען?

נאָך יענעם אָוונט, פלעג איך אים דערנאָך יעדער אָוונט באגעגענען. ער פלעגט מיך קומען אומעטום זוכן; ער פלעגט מיך אָפּוואַרטן באם ארויסגאנג פון מיין ביוראָ; אָוונטצייט פלעגט ער מיך אָפּוואַרטן אויף די טרעפ פון מיין וווינונג. ער פלעגט מיך קיין זאך נישט פרעגן; אויך זיינע אויגן פלעגן גאָרנישט זאָגן, ווייל זיי זיינען תמיד צוגעמאכט געווען. עס איז אָבער גענוג געווען איך זאָל נאָר אויף אים א קוק טון, איך האָב אים שוין גוט פארשטאנען. ער פלעגט לאכן

מיט זיין געווייניטלעכן נאַרישן און קאָנוווּלסיוון געלעכ־
טער; עס פלעגט אים גאָרנישט אַרן. איך האָב נישט
געוווּסט ווי אזוי אים בייצוקומען און פון אים פּטור
צו ווערן. איך האָב אים נישט געוואָלט באַליידיקן,
נישט מיט קיין שלעכט וואָרט און נישט מיט קיין
שטרענגער מינע. אפשר בין איך ארונטערגעפאַלן אונ־
טער אַ צווייטער טיראַניי? האָט אפשר דזשוליאָ וואַנ־
צער איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ נאָכפאָלגער? איך האָב
זייער אָפט געליטן פון זיין אָנוועזנהייט און דאָך האָב
איך נישט אָנגענומען קיין שום מיטלען, כדי פּטור צו
ווערן פון אים. צייטנווייז פלעגט ער פאַר מיר אויסגיסן
זיינע געפילן מיט אַזאַ מין נאַרישער און טרויריקער
צערטלעכקייט, אַז עס פלעגט מיך פשוט באַם האַרץ
אָננעמען. איינמאָל האָט ער אויסגעקרומט זיין מויל
אַזוי, פונקט ווי קינדער טון דאָס, ווען זיי ווילן אָנ־
הייבן צו וויינען און האָט מיר געזאָגט:

— פאַרוואָס רופסטו מיך נישט טאַטע?

איך האָב גאַנץ גוט געוווּסט, אַז ער איז נישט
דער טאַטע; איך האָב אויך געוווּסט, אַז די זון זיינע
זיינען אויך נישט פון אים. ער האָט דאָס מסתּם אויך
געוווּסט. איך פלעג אים רופן טאַטע, ווען קיינער
פלעגט דאָס נישט הערן, ווען מיר זיינען געווען אונ־

טער פיר אויגן, ווען איך האָב אים געוואָלט טרייסטן. כדי אַרויסצורופן מיין רחמנות, פלעגט ער מיר טייל־מאָל ווייזן אַ ווונד אויפן קערפּער, ווי עס טון אָרי־מעלייט, בשעת זיי ווייזן עפּעס אַ מום, כדי אַ גרעסערע נדבה אַרויסצוציען

איך האָב מיך צופעליק דערוווּסט: אָוונטצייט פלעגט ער זיך אַ סך מאָל אַוועקלאָזן אין די ווייני־קער באַלויכטענע קוואַרטאַלן פון שטאָט און דאָרט מיט אַ נידעריקע שטימע בעטן באַ די פאַרבייגייער אַ נדבה. ער פלעגט דאָס מאַכן זייער געשיקט און אומבאַמערקבאַר, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער פלעגט אַ צייט־לאַנג מיטגיין זייט־באַ־זייט מיטן פאַרבייגייער.

איינמאָל, אָוונטצייט, האָב איך באַם ווינקל פון פאָר־טראַיאַנאָ באַמערקט ווי איינער דערנענטערט זיך צו מיר און מורמעלט עפּעס:

— איך בין אַן ארבעטסלאָזער אַרבעטער. איך בין כמעט בלינד. איך האָב פינף קינדער, וועלכע האָבן שוין אַנדערטהאַלבן מעת־לעת נישט געגעסן. האָט רחמנות, גיט מיר עפּעס אַ נדבה אויף ברויט פאַר די דאָזיקע אומגליקלעכע גאָטס־באַשעפענישן...

איך האָב אים גלייך דערקענט אָן זיין שטימע. אָבער ער, כמעט אַ בלינדער, האָט מיך אין דער פינ־

סטער פּאַקטיש נישט דערקענט. און איך האָב מיך שנעל דערווייטערט, אַנטלאָפן געוואָרן, אויס מורא נישט דערקענט צו ווערן.

כדי צו לעשן זיין ווילדע תאווה, פּלעגט ער זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין שום נידערטרעכטיקייט. איינמאָל האָט ער זיך געפונען בא מיר אין צימער; ער איז געווען זייער באַאומרויקט. איך האָב מיך באַר וואָס געהאַט צוריקגעקערט פון מיין אַמט און זיך געוואַשן. אויפן בעט איז געלעגן מיין ראָק און דער וועסט. אין וועסט האָט זיך געפונען אַ זילבערן זייגערל, אַ קליין זילבערן זייגערל, וואָס איז מיר איבערגעבליבן אַלס אָנדענקונג פון מיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער. איך בין געשטאַנען אונטער אַ פאָרהאַנג און מיך געוואַשן. איך האָב דערהערט, ווי באַטיסטאָ באַוועגט זיך אין צימער אויף אַן אויסערגעוויינטלעכן אופן. איך האָב אים אַ פרעג געטון:

— וואָס טוט איר?

ער האָט געענטפערט צו שנעל מיט אַ געענדערטער שטימע:

— גאָרנישט.

— וואָס דען?

ער איז שנעל אַפער פון אונטער דער פאָרהאַנג

און שטאַרק געציטערט.

איך האָב מיך אָנגעטון און מיר זייַנען ביידע אַרויס־געגאַנגען. ביים אַראָפּגאַנג פון די טרעפּ האָב איך אָנגעהויבן צו זוכן אין די קעשענעס מיין זייגערל, אַ קוק צו טון ווי שפּעט ס'איז. איך האָב עס נישט געפונען.

— אכציק רוחות! איך האָב דאָך איבערגעלאָזט דאָס זייגערל אין צימער. איך מוז מיך אומקערן. וואַרט מיך דאָ צו. איך קום באַלד צוריק.

איך בין באַלד אַריין אין צימער, אָנגעצונדן אַ ליכט. איך האָב עס געזוכט אומעטום, נאָר אומזיסט; איך האָב עס נישט געפונען. נאָך עטלעכע מינוט פון אומזיסטן אַרומזוכן, האָב איך דערהערט פון אונטן די שטימע פון באַטיסטאָן, וועלכער האָט געפרעגט:

— נו? וואָס? האָסט עס געפונען?

ער איז אַרויפגעקומען, זיך פאַרהאַלטן בײַ דער שוועל, וואַקלענדיק זיך אַ ביסל.

— ניין. אַ מאָדנע זאַך. דאָך דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב עס געהאַט אין קעשענע. איר האָט עס נישט געזען?

— ניין, איך האָב עס נישט געזען.

— באַשטימט נישט?

— ניין, איך האָב עס נישט געזען.

עס איז מיר איינגעפאַלן אַ חשד. באַטיסטאָ איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל, מיט די הענט אין די קעשענעס. איך האָב אָנגעהויבן זוכן מיט אומגעדולד, כמעט ווי מיט כּעס.

— עס קען נישט זיין, איך זאָל עס האָבן פאַרלוירן. איך געדענק גוט, אַז פאַר מיין אויסטון זיך האָב איך עס נאָך געהאַט. עס דאַרף דאָ זיין; עס מוז זיך געפינען.

באַטיסטאָ איז ענדלעך, ווי אויפגעוועקט געוואָרן. איך האָב מיך אויסגעדרייט. איך האָב גלייך איבערגעליינט דעם שאַנד־טאַט אויף זיין פּנים. איך האָב אים דערפילט מיטן האַרץ.

ער האָט אַ מורמל געטון אין פאַרלעגנהייט:

— דאָ דאַרף עס זיין; דאָ דאַרפט איר עס געפינען.

ער האָט גענומען דאָס ליכט אין דער האַנט אַריין, זיך איינגעבויגן און אָנגעהויבן זוכן אַרום דעם בעט, זיך געשטעלט אויף די קני, זיך געטרייסלט; עטלעכע מאָל אויפגעהויבן די קאָלדרעס, געקוקט אונטערן בעט.

ער האָט זיך געדרייט אַהין און אַהער; דאָס ליכט האָט אַ־אָפּגעשמאָלצן אויף זיין האַנט.

די דאָזיקע קאָמעדיע האָט מיך אויפגערעגט. איך האָב אַ געשריי געטון מיט כּעס:

— גענוג! הייבט זיך אויף; באַמיט זיך נישט אַזוי פיל. אויב איך דאַרף זוכן, ווייס איך שוין וווּ מען דאַרף זוכן...

ער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס ליכט אויף דער פּאָדלאָגע און אַזוי, איינגעבויגענערהייט, געבליבן שטיין אויף די קני, ציטערנדיק, פּונקט ווי איינער, וואָס האַלט זיך בּאַ מודה זיין. אָבער ער האָט עס נישט געטון ער האָט עס נישט געטון. ער האָט זיך מיט גרויס מי אויפגעהויבן און גאָרנישט גערעדט. איך האָב נאָך אַמאָל איבערגעלייענט די גנבה אויף זיין פּנים איך האָב געפילט ווי עס שטעכט מיך, ווי מיט נאָדלען. איך האָב געטראַכט: „ער האָט געוויס דאָס זייגערל אין קעשענע. מען דאַרף אים צווינגען זיך מודה צו זיין, אומקערן די גנבה און בעטן אַנטשולדיקונג. איך מוז אים זען וויינען" איך האָב אָבער קיין מוט נישט געהאַט. איך האָב געזאָגט:

— לאָמיר גיין.

מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען. אויף די טרעפּ איז מיר דער אָפּטויער פון דער דאָזיקער געמיינער זאַך, אויף די שפּיץ פינגער, מיט אַן צראָפּגעלאָזטער נאָז, נאָכגעגאַנגען. וואָס פאַר אַ רחמנות!

ווען מיר האָבן זיך שוין געפונען אויף דער גאַס האָט ער מיך געפרעגט מיט אַן איינגעהאַלטענער שטימע:

— אפשר מיינסטו, אַז איך האָב ע. דיר צוגענומען?

— ניין, ניין — האָב איך געענטפערט — לאָמיר בעסער דערפון נישט רעדן.

דערנאָך האָב איך צוגעגעב:

— איך האָב צרות דערפון, ווייל דאָס איז מ ר איבערגעבליבן אַלס אָנדענק פון מיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער.

איך האָב באַמערקט אין ים אַ שוואַכע אונטערגעדריקטע באַוועגונג, פונקט ווי ער וואָלט זיך געקליבן עפּעס אַרויסצושלעפּן פון קעשענע. אָבער ער האָט דאָס נישט געטון. מיר זיינען אַוועק ווייטער.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער האַסטיק אַ זאָג געטון:

— אפשר ווילסטו מיך באַזוכן?

— ניין, ניין. לאָמיר מער נישט רעדן. צום ווידערזען. אַצינד מוז איך אייך פאַרלאָזן, ווייל איך

האָב עטלעכע זאַכן צו ערליידיקן היינטיקן אָוונט.

און מער נישט קוקנדיק אויף אים, האָב איך אים פאַרלאָזט.

עטלעכע טעג האָב איך אים נישט געזען. אויפן פינפטן טאָג, אין אָוונט, איז ער צו מיר ווידער געקומען. איך האָב אָנגענומען אַן ערנסטן טאָן:

— אַך, דאָס זענט איר?

און איך האָב מיך ווידער גענומען שרייבן די עטלעכע פּאַפּירן פון מיין ביוראָ. נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן האָט ער נאָך געוואַגט די העזה מיך צו פרעגן.

— האָסט עס געפינען?

איך האָב מיך געמאַכט, ווי איך לאַך, און ווייטער געשריבן. נאָך זייער אַ לאַנגען שטילשווייגן האָט ער צוגעגעבן.

— איך האָב עס נישט גענומען.

— יאָ, יאָ, זייער גוט; איך ווייס דאָס. איר רעכנט נאָך?

זעענדיק, אַז איך בלייב זיצן באַם טיש, האָט ער נאָך אַ צווייטער פּויזע ווידער אַ זאָג געטון:

— אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט!

איך האָב אים געלאָזט גיין; איך האָב אים נישט פאַרהאַלטן. איך האָב אָבער חרטה געהאַט; איך האָב חשק געהאַט אים צוריקצורופן. עס איז שוין צו שפּעט געווען; ער איז שוין געווען ווייט.

דריי אָדער פיר טעג האָט ער זיך ווידער נישט געוויזן. איינמאָל ווען איך האָב מיך צוריקגעקערט שפּעט אַהיים, נאָך האַלבער נאַכט, האָב איך אים באַמערקט שטיין לעבן אַ לאַמטער. ער האָט געוואַרט.

— אָך, דאָס זענט איר? וואָס טוט איר דאָ אַזוי שפּעט!

ער האָט נישט געקענט איינשטיין אויף די פיס; עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער איז שיכור. אָבער ווען איך האָב אים גוט באַטראַכט האָב איך דערזען זיין שרעקלעכן צושטאַנד: פון קאָפּ ביז די פיס איז ער געווען אויסגעשמירט אין בלאָטע, פּונקט ווי פון אַ מיסט-קאַסטן אַרויס. זיין פּנים איז געווען גרין און געל.

— וואָס איז געשען מיט אייך? זאָגט.

ער האָט זיך צעוויינט מיט ביטערע טרערן, דערנאָך האָט ער מיך אָנגעכאַפּט, פּונקט ווי ער וואָלט מיר געוואָלט אַריינפאַלן אין די אָרעמס אַריין. שטייענדיק אַזוי נאָנט לעבן מיר, האָט ער מיר געפרופט עפּעס

דערציילט, נאָר די שלוּכצן האָבן אים אַזוי געשטיקט און די טרערן זיינען אים אַזוי גערינען פוּן די אויגן, אַז ער האָט גאָרנישט געקענט רעדן.

אַך, מיין פריינט, אונטער אַ לאַמטער אויף אַ פליין־רעגן, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע זאַך! ווי שרעקלעך זיינען די שלוּכצן פוּן אַ מענטש, וועלכער האָט שוין דריי טעג נישט געגעסן!

צי ווייסט איר וואָס עס הייסט אַזוינס הונגער? צי איז אייך שוין אויסגעקומען צוּ זען אַמאָל אַ מענטש, וועל־כער איז טויט־הונגעריק, וועלכער זיצט באַם טיש, פּאַקט אין מויל אַריין, דאָ אַ שטיקל ברויט, דאָ אַ שטיקל פליש און קייט און קייט באַלד דעם ערשטן ביסן מיט זיינע שוואַכע ציין, וועלכע וואַקלען זיך אים שוין אין די דזשאָסלעס? צי האָט איר דאָס געזען אַמאָל? צוּ האָט אייער הארץ נישט געפּלאַצט אין אייך פאַר טרויער און רחמנוּת?

גענוג! איך וויל אייך שוין מער נישט רעדן פוּן דעם דאָזיקן אומגליקלעכן. איך האָב מיך וועגן אים צופיל צערעדט; איך האָב פאַרגעסן וועגן דעם איבע־

ריק: איך ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער דער אמת איז, אז דער דאָזיקער אומגליקלעכער איז געווען דער איינציקער גוטער פריינד מיינער און איך בין געווען דער איינציקער פריינט אין זיין לעבן. איך האָב אים געזען וויינענדיק און ער האָט מיך געזען וויינענדיק נישט איינמאָל. אונדזערע אומגליקן זיינען געוואָרן געמיינזאַמע. מיר האָבן ביידע געהאַט געמיינזאַמע ליידן, מיר האָבן ביידע געליטן פון דער זעלבער אומגערעכטיקייט, מיר האָבן ביידע באַזאַמען געטראָגן די זעלבע שאַנד אויף זיך.

ניין, ער איז נישט געווען דזשינעוורוס פאָטער, ניין, נישט זיין בלוט האָט געפלאָסן אין די אָדערן פון דעם דאָזיקן באַשעפעניש, וואָס האָט מיר אַזוי פיל יסורים פאַרשאַפט.

איך פלעג תמיד קלערן מיט אַן אומרויקער נייגעריקייט וועגן איר אמתן פאָטער, וועגן דעם אומבאַקאַנטן: איך האָב געוואָלט פאַר אים אַ נאָמען געפינען. ווער האָט ער געקענט זיין? געוויס נישט עפּעס אַ ליאַדע ווער דאָרט פון פּראָסטן פאָלק. זי האָט געהאַט אין זיך אַ מין פיזישע פיינקייט, אָנגעבוירענע עלעגאַנטע באַוועגונגען, אַ מין קאָמפּליצירטע פאַלשקייט; און דערנאָך דער אינסטינקט פון תאווה, דער

לייכטער עקל, דער באַזונדערער אַרט פון פאַרשעמען און באַליידיקן יענעם מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן: דאָס אַלץ ווייזט בולט אָן אויף איר אַריסטאָקראַטישער אָפּשטאַמונג, ווער איז אָבער דאָך געווען איר פאָטער? מסתּם עפּעס אַן אויסגעדאַרטער זקן, ווי דער מאַרקיז אַגוטי? אָדער אפשר גאָר אַ גייסטלעכער, איינער פון די גאַלאַנטע קאַרדינאַלן, וועלכע פאַרזייען קינדער, ווי זאַמד און ערד אין אַלע הייזער פון רוים?

ווען דעם האָב איך תּמיד געקלערט. און צייטנווייז, פלעגט אַפילו אויפשטיין אין מיינע רעיונות אַ פיגור פון אַ מענטש, נישט קיין געפלהאַפטע, אָדער אַן אומדייטלעכע פיגור, נאָר פאַרקערט: אַ באַשטימטע פיגור, מיט אַ באַזונדערער פיזאָנאָמיע, מיט באַזונדערע אויסדריקן, וועלכער לעבט אַן אויסערגעוויינטלעך, אינטענסיוו לעבן.

דזשינעווראַ האָט מסתּם געוווסט, אָדער ווייניקסטנס געפילט, וואָס פאַר אַ געמיינזאַמס זי האָט מיט דעם בלוט פון איר מוטערס מאַן? און פאַקטיש, איך האָב קיינמאָל נישט געקענט דערכאַפּן אין אירע אויגן קיין פיצל ליבע, אָדער רחמנות צו דעם דאָזיקן אומגליקלעכן מענטש.

פאַרקערט, ווען אירע אויגן פלעגן געווענדט זיין

אויף דעם אומגליקליכן מענטש, פלעגט פון זיי אַרויס-שיינען פאַראַכטונג, אויך אַפילו פאַרביטערטע שנאה.

אַך, אירע אויגן! זיי האָבן אַלץ אויסגעזאָגט; זיי האָבן צו פיל זאַכן אַרויסגערעדט מיט איין מאָל, צו פיל פאַרשיידענע זאַכן; זיי האָבן מיך פון ווע: אַראָפּ-געפירט. אירע אויגן זיינען געווען קאַלטע שטיקער שטאָל, אַן אומדורכדרינגלעכע שטאָלענע וואַנט. טייל-מאָל פלעגן זיך אירע אויגן פלוצלינג באַדעקן מיט אַ בלאַסן פאָרהאַנג און אָנגווערן זייער גאַנצן גלאַנץ. צי האָט איר, מיין פריינט, באַמערקט אַמאָל אַ מעסער-קלינג, פון וועלכער עס קריכט פלוצלינק אַראָפּ דער גלאַנץ...

אָבער ניין, איך קען אייך נישט דערציילן פון מיין ליבע; איך קען אייך קיין וואָרט נישט רעדן פון מיין ליבע. קיינער ווייסט נישט, ווי איך האָב זי ליב גע-האַט; קיינער נישט. אַפילו זי האָט דערפון אויך נישט געוווסט, זי האָט דערפון נישט געוווסט. איך אָבער ווייס, אַז זי האָט מיך נישט ליב געהאַט. אין משך פון דער גאַנצער צייט האָט זי מיך אַפילו קיין איין טאָג נישט ליב געהאַט; וואָס רעד איך: קיין שעה נישט, קיין רגע נישט ליב געהאַט.

איך האָב דאָס געוווסט פון דער ערשטער מינוט אָן,

איך האָב דאָס געוווּסט פון ערשטן בליק, וואָס זי האָט אויף מיר געוואָרפן מיט אירע פארשלייערטע אויגן. דאָך בין איך נישט אַנטוישט געוואָרן. מיינע ליפּן האָבן קיינמאָל נישט געוואַגט צו שטעלן איר די צערטלעכע פראַגע, וועלכע ווערט טויזנטער מאָל איבער־געפרעגט דורך אַלע געליבטע: „צי האָסטו מיך גוט ליב?" איך דערמאַן מיך ווי איינמאָל, שטייענדיק אַזוי זייער נאָענט לעבן איר, איז מיך מיטאַמאָל באַפאַלן אַ שרעקלעכע תאווה, און איך האָב אַזוי אין מיר גע־טראַכט: אַך, ווען איך וואָלט איר געקענט אַ קוש טון אין פנים אַריין, און זי זאָל גאָר דעם קוש נישט באַ־מערקן!

ניין, ניין: איך קען אייך נישט דערציילן מיין ליבע. איך וויל אייך נאָר דערציילן פאַקטן, קליינע קאָמישע פאַקטן, קלייניקייטן און פאַרשיידענע חרפּות, וואָס מיר איז אויסגעקומען איבערצולײַדן.

מיר האָבן באַשטימט דעם טאָג פון אונדזער חתונה. דזשינעווראַ איז נאָך פאַרבליבן אין טיוואָלי אויף עט־לעכע וואָכן; איך פלעג זייער אָפט קומען אין טיוואָלי מיטן טראָמווײַ, און דאָרט פלעג איך פאַרבלייבן אַ פּאָר שעה, אָדער אַ האַלבן טאָג. איך בין זייער צופרידן

געוועו, וואָס זי האָט זיך געפונען ווייט פון רוים. איך האָב תמיד אָנגעווענדט אַלע מיטלען, אַז מיינע חברים פון ביוראָ זאָלן זיך נישט דערוויסן פון מיין סוד. איך פלעג באַניצן אַלע פאַרשיידנסטע פאָרזיכטיקייטן, פאַרשיידנסטע תירוצים, איך פלעג אויסקלערן פאַרשיידענע ליגנס, כדי צו באַהאַלטן דאָס, וואָס איך טו, וואָס איך האָב געטון און וואָס איך וועל טאָן. איך פלעג אויסמיידן מיין אַלע פריִערדיקע ערטער; אויף יעדער פראַגע, פלעג איך באַלד געפינען אַ תירוץ; און אויב איך פלעג באַמערקן פונדערווייטנס עפּעס עמיצן פון מיינע באַקאַנטע, פלעג איך מיך גלייך ראַטעווען מיט אַריינלויפן ערגיץ אין אַן ערשטן בעסטן געשעפט אַריין, אין ערשטן בעסטן הויף, אָדער גאָר פאַרקערווען אין אַ צווייטער גאַס אַריין.

עס האָט זיך אָבער איינמאָל געטראָפן אַזוי, אַז איך האָב בשום אופן נישט געקענט אַנטרינען ווערן פון פיליפּאָפּאָ דאָבערטי. ער איז צו מיר צוגעקומען, מיך אָפּגעשטעלט, און נאָך בעסער געזאָגט, ער האָט זיך פשוט צוגעטשעפּעט צו מיר.

— אַך, עפּיסקאָפּאָ! שוין אַזאַ לאַנגע צייט אַז מיר זינט מיר האָבן זיך נישט געזען! וואָס האָסטו געטון די גאַנצע צייט? ביסטו נישט אַמאָל קראַנק געוועו?

עס איז מיר נישט געלונגען צו באַזיגן און באַהאַלטן מיין אומגעלומפּערטע באַוועגונג, מיין גייסט־צושטאַנד, און איך האָב אים גלייך געענטפערט:

— יאָ, איך בין קראַנק געווען.

— יאָ, מען זעט דאָס אָן. דו ביסט גרין און געל געוואָרן. אָבער אַצינד, ווי גייט עס דיר? ווו עסט דו מיטאָגן? ווו פאַרברענגסטו דעם גאַנצן אָוונט?

איך האָט דערפינדן אַ בייע ליגנט און זיך באַמיט נישט צו קוקן אים אין פּנים אַריין.

— נעכטן אין אָוונט האָט מען גערעדט פון דיר — האָט ער אַ זאָג געטון. דאָס האָט עפּראַטי דערציילט, אַז ער האָט דיך באַגעגנט אויף אַלעסאַנדרינאַ גאַס האַנט־באַ־האַנט מיט אַ שיכּורן.

— מיט אַ שיכּורן? — האָב איך מיך כּלומרשט געוווּנדערט. — עס האָט זיך אים אוודאי געחלומט.

דאָבערטי האָט זיך שטאַרק צעלאַכט.

— אַך, אַך, אַך, פאַרוואָס־זשע ביסטו רויט געוואָרן? נישטאָ וואָס צו רעדן, שיינע חברים זוכסטו דיר שטענדיק צו... אגב, יאָ, זאָג נאָר: צי ווייסטו שוין דאָס לעצטע נייס וועגן וואַנצערן?

— ניין, איך ווייס גאָרנישט.

— ווי איז דאָס מעגליך! צי ווייסט דען נישט אַז ער געפינט זיך אין בוענאָס-איירעס?

— ניין, איך האָב קיין אַנונג נישט.

— אַך, אומגליקלעכער עפּיסקאָפּאָ! נו, זיי געזונט; איך גיי אַוועק. דו דאַרפסט דיך היילן. מיר וועלן זיך אין גיכן ווידער טרעפן. אַדיע.

ער האָט זיך אַריינגעדרייט אין אַן אַנדערער גאַס אַריין און פאַרשוווּנדן געוואָרן. מיך האָט ער איבער-געלאָזט מיט אַזאַ אויפרעגונג אין האַרץ, אַז איך האָב מיך בשום אופן נישט געקענט באַהערשן. אַלע ווערטער פון יענעם שוין ווייטן אָוונט, ווען ער האָט גערעדט אין נאָמען פון דזשינעוורא, האָבן אַצינד ווידער אויפ-געלעבט אין מיינע זכרונות. עס זיינען אויפגעשטאַנען אין מיין זכרון נאָך אַ סך אַנדערע ווערטער: פרעכע און ברוטאַלע. פאַר מיינע אויגן איז ווידער דערשינען: דאָס באַלויכטענע צימער מיט גאַז, דער לאַנגער טיש, ארום וועלכן עס זיינען געזעסן די אָנגעפרעסענע, אָנגעשיכּורטע מענטשן, פון וועמענס מיילער עס האָבן זיך כּסדר געשיט די געמיינסטע ווערטער. איך האָב ווידער געהערט דעם טומל, דאָס הויכע געלעכטער, דערנאָך מיין נאָמען, וואָס ווערט אָנגערופן דורך וואַנ-צערן און אונטערגעכאַפּט פון אַנדערע. נאָך ביז היינט

קלינגט אין מיינע אוירן דער שרעקלעכער מאָטאָ: „פירמע עפּיסקאָפּאָ עט קאָמפּאַניע", און איך האָב מיך פאַר־טראכט וועגן דעם, ווי אַזוי אַזאַ שרעקלעכע זאַך האָט גאָר געקענט פּאָרקומען...

פּאָרקומען! פּאָרקומען! — צי איז גאָר מעגלעך אַזאַ געמיינהייט? צי איז גאָר מעגלעך, אַז אַ מענטש, וואָס איז גאָרנישט אַזאַ נאַר, אַזאַ שלימזלניק און גאָרנישט אַזאַ צעדרייטער, זאָל זיך לאָזן אַריינציען אין אַזאַ מין שענדלעכער געשיכטע?

דזשינעווראַ איז צוריקגעקומען קיין רוים. דער טאָג פון דער חתונה איז באַשטימט געוואָרן.

מיר זיינען אַרומגעפאָרן אין אַ דראָשקע מיט דער שוויגער, און זיך באַמיט צו געפינען ערגעץ אַ קליינעם לאָקאַל, צו קויפן אַ חתונה־בעט און אַנדערע געוויינטלעכע הויז מכשירים, וואָס מען מוז גלייך האָבן. איך האָב אַרויסגענומען פון דער באַנק אַ סומע פון פופצען טויזנט ליר; — מיין גאַנץ פאַרמעגן, וואָס איז מיר ירושה פאַרבליבן.

יאָ, מיר זיינען אַרומגעפאָרן אין אַ דראָשקע איבער גאַנץ רוים. אונדזער רייזע איז געווען אַ טריומף־רייזע. איך בין געזעסן, אַן איינגעבויגענער, אויפן קליינעם בענקעלע און ביידע פרויען זיינען געזעסן קעגן מיר.

מיט זייערע קני קעגן מיינע קני. ווער ס׳האָט זיי אַלץ נישט באַגעגנט? ווער ס׳האָט זיי אַלץ געקענט? נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך האָב געהאַלטן דעם קאָפּ איינגעבויגן, האָב איך נישט איינמאָל געכאַפּט אַ בליק מיטן אויג. איך האָב געזען, ווי מען האָט אויפן טראָ־טואַר אָנגעוויזן אויף אונדז.

דזשינעווראַ איז מלא שמחה געווען. זי האָט זיך גע־הויבן, געדרייט אויפן געזעס און יעדעס מאָל אויס־געשריען:

— זע נאָר, קוועסטאָרי! זע נאָר, מיקעל! קוק נאָר, פּאַלומבאָ מיט דאָבערטין!

די ידיעה האָט זיך אומעטום פאַרשפּרייט. פאַר מיינע אַלע חברים פון ביוראָ און אַזוי אַלטע באַקאַנטע איז דאָס געווען אַ שטאָף צום לאַכן אָן אויפהער. איך אַלעמענס אויגן האָב איך געזען בליקן פון איראָניע, בליקן פון בייזן שפּאַס, און טיילמאָל אַ מין באַליי־דיקונגס־מיטלייד. קיינער האָט מיר נישט געזשאַלעוועט קיין שטאָך צו טון; איך פלעג מיך אין אַזעלכע פאַלן מאַכן, ווי איך טו עפּעס, און פלעג שמייכלען מיט דער זעלבער מינע אויפן פּנים, פּונקט ווי אַן אויטאָמאַטישע מאַשין. וואָס דען האָב איך געדאַרפט אַנדערש טון? זיך באַליידיקן? אין כעס ווערן? אַרויס פון די כּלים?

בערלאַנגען עמעצן אַ פּאַטש אין פּנים אַריין? אויפ־הייבן אַ שטול? אַרויסריפן אויף אַ דועל?

מיין פריינט, צי וואָלט דאָס נישט געווען פיל קאָמישער און נאַרישער?

איינמאָל האָבן אין ביוראָ צוויי יונגען, וואָס האָבן ליב געהאַט צו שפּאַסן, אָנגעהויבן אַ דיאַלאָג צווישן זיך. דער דיאַלאָג איז פאָרגעקומען כלומרשט צווישן אַ ריכטער און דזשאָוואַני עפּיסקאָפּאָ. אויף דער פראַגע פון ריכטער: „פון וואָס פאַר אַ פראָפעסיע?“, האָט דזשאָוואַני עפּיסקאָפּאָ געענטפערט: „אַ מענטש, וואָס האָט נישט קיין חרפּה און קיין בושה“.

אַן אַנדערט מאָל האָב איך דערהערט אַזעלכע ווער־טער:

— ער האָט קיין טראָפּן בלוט נישט אין זיך; אין זיינע אָדערן פליסט נישט קיין טראָפּן בלוט. דאָס ביסל בלוט, וואָס ער האָט יאָ אַמאָל געהאַט, האָט אים דזשוליאָ וואַנצער פון קאָפּ אַרויסגעקלאפּט, בשעת ער, האָט אים מיטן גלאָז דערלאַנגט. מען זעט עס גלייך, אַז עס איז אים קיין טראָפּן נישט געבליבן....

דאָס איז אמת, דאָס איז אמת.

אָבער ווי אַזוי איז עס געקומען דערצו, וואָס איך האָב זיך פעסט באַשלאָסן אָנצושרייבן אַ בריוו צו דזשינעוראַן, אַז איך צי צוריק מיין צוזאָג? יאָ, יאָ: איך האָב אָנגעשריבן אַ בריוו צו דזשינעוראַן, אַז איך האָב חרטה אויפן גאַנצן עסק, און — אויס תּשובה! אפשר ווילט איר מיר נישט גלייבן? איך האָב דאָס אָנגעשריבן מיט דער זעלבער האַנט! און איך האָב דעם בריוו אַליין אויף דער פּאָכט אַוועקגעטראָגן.

עס איז געווען אָוונטצייט; איך דערמאַן מיך נאָך גוט. עטלעכע מאָל בין צוגעקומען צו דער פּאָסט מיט אַ האַרץ-קלאַפּעניש, פּונקט ווי איינער, וואָס אָט-אָט נעמט ער זיך דאָס לעבן. צום סוף האָב איך מיך אָפּגעשטעלט און דאָך דעם בריוו אין קעסטל אַריינגעוואָרפן. אין אָנהייב האָבן מיר זיך די פינגער נישט געעפנט. צי בין איך אַזוי לאַנג געשטאַנען אין דער דאָזיקער פּאָזע? איך ווייס נישט. אַ פּאָליציאַנט איז צו מיר צוגעקומען, מיך אַ ריר געטון בא דער פּלייצע און געפרעגט:

— וואָס טוט איר?

איך האָב צעעפנט די פינגער און אַראָפּגעלאָזט דעם בריוו.

און שטייענדיק אַזוי לעבן פּאָליציאַנט, האָב איך נישט געקענט קומען צו זיך!

— איך האָב גערעדט צו מיר מיט אַ וויינענדיקן קול — וואָס וואָלט איך נישט אַוועקגעגעבן דעם בריוו צוריק אַרויסצוקריגן?

און די נאַכט, די ליידן פון דער נאַכט. און אַ פריימאָרגן שפּעטער, דער באַזוך אין דעם נייעם הויז; דאָס הויז, וואָס האָט געדאַרפט אויפנעמען דאָס יונגע פּאָרפאָלק איז מיט אַמאָל אומגליקלעך געוואָרן, געוואָרן אַ טויט הויז! אַך יענע זון, יענע זונען-שטראַלן; אַך יענע ברענענדיקע זונען-שטראַלן, וועלכע האָבן באַלויכטן און געוואַרעמט די אַלע נייע, נאָך נישט אָנגערירטע זאַכן, פון וועלכע עס האָט זיך נאָך געטראָגן דער פרישער, און דער־רעגלעכער מאַגאַזין-ריח!..

אַרויסגייענדיק פינף אַ זייגער באַ טאָג פון ביוראָ, האָב איך באַגעגנט אויף דער גאַס באַטיסטאָן, וועלכער האָט מיר געזאָגט:

— מען היל דיך שוין זען באַ אונדז אין שטוב.

מיר זיינען אַוועק. איך האָב מיך געטרייסלט, פונקט ווי אַ געכאַפּטער פאַרברעכער. כדי זיך אַ ביסל צוצוגרייטן, האָב איך אים אַ פרעג געטון:

— וואָס דאַרפן זיי מיך?

באַטיסטאָ האָט פון גאָרנישט געוווּסט. ער האָט אַ הייב געטאָן מיט די פּלייצעס. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער טיר, האָט ער מיך פאַרלאָזט. טריט־באַ־טריט האָב איך מיך אַרויפגעהויבן אויף די טרעפּ; איך האָב חרטה געהאַט, וואָס איך האָב אים געפאָלגט. איך האָב נישט מיט קיין נאַרישער שרעק געטראַכט וועגן דער שוויגערס הענט, וועגן אירע שוידערהאַפטע הענט. און ווען איך האָב אויפגעהויבן די אויגן און דערזען, אַז די טיר איז אָפן און די שוויגער שטייט אויף דער שוועל און איז שוין גרייט זיך אַ וואָרף צו טון אויף מיר, האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז געווען אַ שפּאַס; דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ שפּאַס.

און אויף אַ וואָך אַרום איז אָפּגעלייגט געוואָרן די חופּה. מיינע עדות זייען געווען עפּראַטי און פיליפּאָפּאָן דאָבערטי

דזשינעווראַ און די מוטער האָבן פאַרלאַנגט פון מיר איך זאָל איינלאַדן אויף אַ מיטאָג די גרעסטע צאָל פון מיינע חברים, כדי אַזוי אַרום צו פאַרבלענדן די אויגן דעם פּראָסטן עולם פון מאָנטאַנאַראַ גאַס און איר אומגעגנט. עס דאַכט זיך מיר, אַז אַלע מיינע באַקאַנטע פון פּענסיאָן זיינען געווען.

אצינד געדענק איך שוין זייער שוואַך די גאַנצע צערמאָניע, דעם גאַנצן יום־טוב, דעם גאַנצן עולם, אַלע שטימען און דעם גאַנצן טומל. מיר האָט זיך נאָר געדאַכט, אז די לופט באַם טיש איז אָנגעברענט פון די אומריינע אָטעמס. — דזשינעווראַס פּנים האָט געברענט און די אויגן אירע האָבן אומגעווינטלעך געגלאַנצט. נישט נאָר אירע, נאָר אויך אַנדערע אויגן האָבן ארום טיש געשיינט און די פּנימער האָבן זיך געררייטלט פון געלעכטער.

די ערינערונגען פון יענעם אָוונט זיינען, פונקט ווי די זכרונות פון אַ שווערן טרויער, וואָס דריקן מיך שטענדיק, וואָס באַשווערן און פאַרטעמפּן מיין געוויסן. און איך דערמאַן מיך, ווי אין מיטן טיש, ווייט, ווייט אין מיטן, אויף אַן אומגלייבלעכער ווייטקייט, איז געזעסן דער אומגליקלעכער באַטיסטאָ, וועלכער טרינקט, טרינקט, טרינקט.......

כאָטש איין וואָך! איך זאָג שוין נישט אַ יאָר, אָדער אַ חודש; נאָר איין איינציקע וואָך: כאָטש די ערשטע וואָך! — ניין גאָרנישט; אָן רחמנות. זי האָט אפילו קיין טאָג נישט געוואַרט; זי האָט אָנגעהויבן גלייך; באַלד אין דער ערשטער נאַכט נאָך דער חתונה האַט זי אַרויסגעוויזן ווער זי איז.

ווען איך וואָלט אַפילו געלעבט אַ גאַנץ יאָר־הונ־דערט, וואָלט איך נישט געקענט פאַרגעסן יענעם אומדערוואַרטעטן אויסברוך פון געלעכטער, וועלכער האָט פּונקט ווי מיט אַן עמער קאַלט וואסער מיך אָפּ־געגאָסן אין דער פינסטערניש פון צימער, וואָס האָט אַזוי אויסגעלאַכט מיין שרעקן זיך און מיין אומגע־שיקטקייט. אין דער פינסטער האָב איך נישט געזען איר פנים, נאָר אָן יענעם כּרעכן, שפּאָטישן, אומפאַר־שעמטן געלעכטער האָב איך צום ערשטן מאָל דער־פילט איר גאַנצע שלעכטקייט. איך האָב דערפילט, אַז זייט־באַ־זייט מיט איר אָטעמט אַ מכשפה.

אַך, מיין פריינט, איר געלעכטער איז געווען אמתער סם־המות.

קיין זאַך איז נישט אומשטאַנד געווען דאָס האַרץ אירס ווייכער צו מאַכן: נישט מיין באַכגעביקייט, נישט מיין פאַרערונג, נישט מיין ווייטאָק און נישט מיין געוויין; קיין זאַך נישט. איך האָב אָנגעווענדט אַלע מיטלען איר האַרץ צו רירן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. צייטנווייז האָט זי מיך אויסגעהערט מיט אַן ערנסטן פנים, מיט אָנגעשטרענגטע אויגן, פּונקט ווי זי וואָלט מיך גוט פאַרשטאַנען; אָבער פּלוצלינג פלעגט זי אָנהייבן לאַכן מיט יענעם שרעקלעכן, אוממענטשלעכן

געלעכטער, אַז עס פלעגן איר גלאַנצן מער די ציין
ווי די אויגן. זי האָט פון מיר אַ תל געמאַכט...

ניין, ניין עס איז אוממעגלעך. דערלויבט מיר, מיין
פריינט, איך וועל בעסער שווייגן; איך וועל בעסער
רעדן פון עפּעס אַנדערש. איך קען אייך נישט דער־
ציילן פון איר. עס איז, פּונקט ווי איר וואָלט מיך
געצוווּנגען איבערצוקייען אַ ביטערע זאַך, אַ שרעקלעך
ביטערע זאַך, אַן אומדערטרעגלעכע זאַך. צי זעט איר
דען נישט, אַז דאָס מויל קרימט זיך מיר, ווען איך
רעד?

דאָס איז געווען אין אַן אָוונט, אַ צוויי חדשים נאָך
דער חתונה: עס איז איר פּלוצלינג נישט גוט געוואָרן.
דאָס איז געווען אַ מין חלשות... איר ווייסט: — די
געוויינטלעכע סצענע... און איך, וועלכער האָב, ציטערנ־
דיק שטילערהייט, געוואַרט אויף דער דאָזיקער אַנט־
פּלעקונג, אויף די דאָזיקע סימנים, אויף דער דאָזיקער
דערפולונג פון מיין העכסטן ווונטש, אויף דער דאָ־
זיקער אומענדלעכער פרייד אין מיטן פון אַלע מיינע
יסורים — בין איך אַ פאַל געטען אויף די קני, פּונקט
ווי פאַר אַ גרויסן נס. — צי איז דאָס אמת? צי איז
דאָס אמת געווען?

— יאָ, זי האָט דאָס מיר געזאָגט, זי האָט דאָס מיר

פּאַרטרויט. זי האָט אין זיך געטראָגן אַ ניי לעבן.

איר קענט דאָס נישט פאַרשטיין. אויב איר זענט אַפילו אַ פּאָטער, קענט איר אויך נישט פאַרשטיין די אויסערגעוויינטלעכע געפילן, וועלכע האָבן באַהערשט מיין גאַנץ אינערלעך וועזן. איר גייט נאָר אַריין אין דער לאַגע פון אַ מענטש, וועלכער האָט דורכגעליטן אַזוי פיל, וואָס קיינער האָט קיינמאָל נישט געליטן, גייט נאָר אריין אין דער לאַגע פון אַ מענטש, אויף וועמען עס איז אויסגעגאָסן געוואָרן דאָס שלעכטס פון אַ סך מענטשן, גייט אַריין אין דער לאַגע פון אַזאַ מענטש, וועלכער איז קיינמאָל נישט געווען געליבט פון קיינעם און וועלכער טראָגט אַרום אין זיך אומער-שעפּלעכע אוצרות פון גוטסקייט און צערטלעכקייט. באַטראַכט נאָר, מיין פריינט, וואָס עס הייסט אַזוינס פאַר אַזאַ מענטש — האָפנונג... דאָס דערוואַרטן אַ קליין צערטלעך באַשעפעניש פון אייגן בלוט... איר פאַרשטייט? אַ קליין, איידל קינד, פון וועלכן מען קען געליבט ווערן... אַן אומענדלעך... איידל קינד, וואָס וועט אייך ליבן... איר פאַרשטייט?.. וואָס וועט אייך ליבן!

עס איז געווען סעפּטעמבער-צייט: איך דערמאָן מיך זייער גוט. דאָס איז געווען אין איינעם פון די רויקע

פּורפּור-רויטע טעג — איר ווייסט דאָך גוט — ווען עס איז א ביסל טרויריק אויפן האַרץ, ווען דער זומער שטאַרבט אָפּ; איך האָב כסדר געהאַלטן אין איין קלערן וועגן א י ם: וועגן טשיראָן; אָן אויפהער וועגן אים געקלערט.

דאָס איז געווען א זונטיקדיקער טאָג; מיר האָבן באַגעגנט דאָבערטין מיט קוועסטאָרן. זיי האָבן זיך זייער דערפרייט מיט דזשינעווראַן, זיי זיינען צוגעקומען צו אונדז, און מיר האָבן זיך ווייטער געלאָזט אויפן שפּאַציר. דזשינעווראַ מיט דאָבערטין זיינען געגאַנגען פאָרויס, און איך מיט קוועסטאָרן זיינען מיר געבליבן פון הינטן. אָבער די, וואָס זיינען געגאַנגען פאָרויס האָבן מיר באַ יעדן טריט אַ שטיק הארץ אַרויסגעריסן. זיי האָבן געהאַלטן אין איין רעדן און אָן אויפהער געלאַכט, אַזוי, אַז דאָס גאַנצע פּובליקום האָט זיך אַלע מאָל אויסגעדרייט און געקוקט אויף זיי. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך האָב אָנגעשטרענגט די אויערן, כאָטש אַ וואָרט צו דערהערן, דאָך איז מיר צוליב דעם אָרקעסטער, וואָס האָט געשפּילט, זייער שווער געווען עפּעס צו כאַפּן. צו מיינע אויערן זיינען דערגאַנגען אומקלאָרע פראַזן. מיינע ליידן האָבן זיך אַזוי דייטלעך

אויסגעדרוקט אויף מיר, אַז קוועסטאָרי האָט אַ געשריי געטון צו דעם פּאָרויסגייענדיקן פּאָרל:

— רויק, רויק! גייט נישט אַוועק צו ווייט. דזשיאָוואַני איז שרעקלעך אייפערזיכטיק.

זיי האָבן געלאַכט און כּסדר חוזק געמאַכט פון מיר. דאָבערטי און דזשינעווראַ האָבן געהאַלטן אין איין גיין פּאָרויס, און אין גערויש פון מוזיק, וואָס האָט זיי פאַרשיכּורט, האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו רעדן און צו לאַכן, בשעת איך האָב מיך געפילט אומגליקלעך. און עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַ איך האָב געהאַט גרויס חשק זיך אַראָפּצוּוואַרפן פון וואַל, אויף וועלכן מיר זיינען געגאַנגען, כּדי מיט איינמאָל פּטור צו ווערן פון מיינע יסורים. אויך קוועסטאָרי איז פּלוצלינג שטיל געבליבן. איך האָב באמערקט די אויפמערקזאַמקייט, מיט וועלכער ער באַטראַכט דזשינעווראַן פון קאָפּ ביז די פיס, און די תאווה, וואָס האָט אים געמאַטערט. אַנדערע מענטשן, וועלכע זיינען פאַרבייגעגאַנגען, האָבן זיך צו עטלעכע מאָל אומגעקוקט, געוואָרפן בליקן אויף איר, און תמיד האָבן זייערע אויגן אויסגעדרוקט די זעלביקע ווינטשן. תמיד, תמיד אַזוי; תמיד, ווען זי פלעגט דורכגיין צווישן מענטשן, איז פּונקט ווי זי וואָלט דורכגעגאנגען אַ וועג פון אומ-

ריינקייט. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די גאַנצע
לופט אַרום און אַרום איז פאַרכמט געווען מיט דעם
זעלביקן שמוץ; עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַלע
פאַרלאַנגען די דאָזיקע פרוי, אַז אַלע קלערן, אַז עס
איז זי זייער גרינג צו באַקומען, און אַז אַלע טראָגן
אַרום אין זייערע מוחות דעם זעלביקן שמוציקן גע-
דאַנק. די מוזיק האָט זיך געשטאַרקט און די כוואַ-
ליעס אירע האָבן זיך אַוועקגעטראָגן אַלץ ווייטער און
ווייטער. די רעדער פון די קאַרעטעס האָבן אַרויס-
גערופן אין מיינע אויערן אַ גוואַלטיקן טומל. אָבער
צווישן דעם גאַנצן גלאַנץ, אין דער גאַנצער בהלה,
צווישן דעם גאַנצן עולם מענטשן, אין דעם גאַנצן
מיש מאַש איז פאַר מיר געווען גענוג אַ קוק צו טון
אויף דער דאָזיקער פאַרויס-גייענדער פרוי, וועלכע
האָט זיך ביסלעכווייז און אַזוי לייכט געלאָזט נעמען
פון דעם מענטש, וועלכע איז אַלץ טיפער און טיפער
געזונקען אין דעם דאָזיקן אַרומיקן שמוץ, אַז אַ צו-
פלוס פון נייע יסורים האָט מיך אַרומגענומען. מיט
דער העכסטער שפּאַנונג און מיט די גרעסטע ליידן
פון מיינע איידלסטע געפילן האָב איך אָנגעהויבן
קלערן וועגן דעם קליינעם באַשעפעניש, וואָס האָט
הערשט אָנגעהויבן לעבן, וועגן דעם נאָך דערוייל אומ-

פאַרמיקן ווען, וואָס האָט אפשר אין דעם מאָמענט טאַקע איבערגעטראָגן די קראַמפּן פון זיין מוטער-ליב, ווי ער האָט נאָר-וואָס אָנגעהויבן ציען זיינע ערשטע אָטעם-צוגן...

גאָט מיינער, גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ ווייטאָקן די דאָזיקע געדאַנקען האָבן מיר פאַרשאַפט! און ביז ער איז געבוירן געוואָרן — וויפל מאָל האָבן מיר די דאָזיקע געדאַנקען דאָס האַרץ צעריסן! איר פאַרשטייט? דער געדאַנק פון פאַרשמוצונג... איר פאַרשטייט? עס איז מיר נישט געגאַנגען אין איר אומטרייקייט, מיט וועלכער זי האָט מיך באַליידיקט, נאָר אין דער ערע פון מיין זון, וועלכער איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַ טייל פון דער חרפה, פון דעם שמוץ האָט זיךגעוויס צוגעקלעבט צו אים, האָט אים געוויס פאַרפלעקט. איר פאַרשייט אַצינד מיין שרעק?

איין טאָג האָב איך באַקומען אַן אויסערגעוויינטלעכן מוט. דאָס איז געווען אין אַ טאָג, ווען מיין פאַרדאַכט האָט קיין שום גרענעצן נישט געהאַט. דאַמאָלס האָב איך זיך נישט געקענט איינהאַלטן און גערעדט.

דזשינעווראַ איז געשטאַנען לעבן פענכטער. איך דערמאַן מיך גוט: ס'איז געווען דער יום-טוב פון

„אַלע הייליקע"; די גלאָקן האָבן געקלונגען; די ליכ-
טיקע זונען-שטראַלן האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אויף די
שויבן. אַך, די זון! זי איז, אָן ספק, די טרויריקסטע
זאַך אויף דער וועלט. צי זענט איר נישט אויך
אין דער זעלבער מיינונג? די זון האָט מיר פיל הארץ-
ווייטאָק פאַרשאַפט. מיט אַלע מיינע שמערצלעכע ערינע-
רונגען זיינען פאַרבינדן די זונען-שטראַלן; פונקט ווי
די זונען-פעדים, וואָס שלאָגן זיך אָפּ אויף די תכרי-
כים פון אַ טויטן. בשעת איך בין נאָך אַ קינד געווען
דאָז מען מיך איינמאָל אויף עטלעכע מינוט אַריינגע-
לאָזט אין צימער פון מיינער אַ פאַרשטאָרבענער שוועס-
טער, וועלכע איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן בעט צווישן
אַ סך בלומענקרענץ. איך געדענק נאָך ווי היינט יענץ
בלייכע פנים, אויף וועלכן עס האָט זיך אָפּגעשפיגלט
אַ הימל-בלויער שאָטן. צו דעם פנים איז ענלעך געווען
דזשיראָס אין די לעצטע מאָמענטן פון זיין לעבן...

אַך, וואָס רעד איך? אַך, יאָ, מיין שוועסטער איז
געלעגן אויסגעצויגן אויף איר בעט, צווישן קראַנצן
בלומען. זייער גוט; דאָ האָב איך מיך אָפּגעשטעלט,
אָבער פאַרוואָס? לאָזט מיך אַ קלער טון אַ ביסל...
אַך, יאָ: מיט גרויס שרעק האָב איך מיך דערנענטערט
צום פענסטער; צום פענסטער, וואָס גייט אַרויס אין

הויף אַריין. דאָס הויז פון אַנטקעגנעיבער האָט אויס־
געזען צו זיין פוסט; מען האָט קיין מענטשלעכע
שטימע נישט געהערט; ס׳איז דאָרט געווען רויק, ווי
אין אַן איי. אָבער אויפן דאַך האָבן גאַנצע כמאַרעס
וואָראָבייטשיקעס געהאַלטן כסדר אין איין פּישטשען;
ווייטער אונטערן דאַך, אונטער דער דאַך־רינע, אויף
דער גרויער מויער, אין גרויען שאָטן, האָבן זיך מיט
אַן אומגלייבלעכער אָנשטרענגונג טרויריק אָפּגעשלאָגן
די געלע פעדים, די גלייכע לייכטנדיקע זונען־שטראַלן.
איך האָב מיך פון אָרט נישט געקענט רירן, און פונקט
ווי אַ פאַרכשופטער געשטאַנען און באַטראַכט די געלע
זונען־פעדים; און איך האָב געפילט אין מיר, איר
פאַרשטייט?.. בשעת מיינע אויערן זיינען געווען אָנ־
געפולט מיטן געזאַנג פון די פייגעלעך, האָב איך
געפילט אין מיר די טויטע רויקייט פון צימער, אַזאַ
מין קאַלטע רויקייט, וועלכע הערשט אַרום טויטע..

אַך, מיין פריינט, וויפל מאָל אין מיין לעבן איז
מיר אויסגעקומען צו זען די טראַגישע זונען־שטראַלן!
וויפל מאָל!

זייער גוט, וועגן וואָס האָב איך דערציילט? ווי
דזשינעווראַ איז געשטאַנען לעבן פענסטער; ווי די
גלאָקן האָבן געקלונגען; ווי די זון איז דורכגעדרונגען

אין צימער אַריין. אויף אַ שמול איז געלעגן אַ קראַנץ פֿון „אומשטערבלעכע בלומען", אַרומגעבונדענע מיט אַ שוואַרצער באַנד, וועלכע דזשינעווראַ מיט דער מוטער האָבן געדאַרפֿט אַוועקטראָגן אויפֿן בית־עולם „קאַמפּאָ־וועראַנאָ", כּדי אַוועקצולייגן זיי דאָרט אויפֿן קבֿר פֿון זייערס אַ קרובֿ...

וואָס פֿאַר אַ זכּרון! — איר זעט. יאָ, אַצינד האָב איך אַ שרעקלעכן זכּרון.

הערט זיך ווייטער איין. זי איז געשטאַנען און גע־געסן אַ פּרוכט מיט דער זעלבער אַרויסרופֿנדער תּאווה, וועלכע זי פֿלעגט אַרויסווייזן מיט אַלע אירע באַווע־גונגען. מיין געגנוואַרט האָט זי גאָרנישט געקימערט; זי האָט זיך געמאַכט, ווי זי זעט נישט, אַז איך קוק אויף איר. די דאָזיקע גלייכגילטיקייט אירע האָט מיך שרעקלעך באַליידיקט. אַצינד האָב איך קלאָר געזען, אַז זי געהערט נישט מיר; אַז זי קען אַלע געהערן, אַז זי האָט באַשטימט אַלע געהערט. איך ווידער האָב קיינמאָל ווי געהעריק נישט אָפּגעשאַצט מיין רעכט אויף איר ליבע און מיין רעכט אָנצוווענדן כּוח. בין איך אַזוי געשטאַנען און זי אָנגעקוקט.

צי איז אייך קיינמאָל אין לעבן נישט אויסגעקומען צו באַטראַכטן לאַנג אַ פֿרוי און פֿלוצלינג צו פֿאַר־

לירן יעדן באַגריף פון איר מענטשלעכקייט, יעדן באַגריף פון איר סאָציאַלן שטאַנד, יעדע געפילן-פאַר־בינדונגען, וועלכע האָבן אייך געשטעלט אין נאָנטע באַציִונגען מיט איר — און בולט צו דערקענען אין איר נישט מער ווי אַ חיה, אַ ווייב, און די פרעכהייט פון געשלעכט?

דאָס האָב איך דערקענט אין איר, באַטראַכטנדיק זי: און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ מענטש פון תאווה, אַז זי איז פעיִק אויף די נידערטרעכטיקסטע מעשים. און נאָך איין טרויריקער אמת איז מיר קלאָר געוואָרן אין מיינע געדאַנקען: אַז אין גרונט פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ, אין גרונט פון אַלע מענטש־לעכע מעשים ליגט דער גרעסטער שמוץ. — שרעק־לעך, אַ שרעקלעכער אמת!

זייער גוט; אָבער וואָס האָב איך געקענט טון? גאָר־נישט. אָבער די דאָזיקע פרוי האָט דאָך אַרומגעטראָגן אין אירע געדערים אַ נ י י ל ע ב ן, זי האָט דאָך מיט איר בלוט גענערט אַ סודותפול באַשעפעניש, וואָס איז געווען מיין שטענדיקער חלום, מיין העכסטע האָפ־נונג, מיין טרייסט...

יאָ, יאָ! איידער ער האָט נאָך דאָס ליכט דערזען האָב איך אים שוין ליב געקריגן. איך האָב געוויינט

פון שמחה, איך האָב פאַרשיידענע זאַכן אין מיין האַרץ אַרויסגעזאָגט. באַרעכנט נאָר, מיין פריינט. מיינע שרעק־לעכע פיין. איך האָב בשום אופן נישט געקענט צו־נעמען באַזונדער די שמוציקע געדאַנקען פון די ריינסטע און אומשולדיקסטע, וויסנדיק, אַז די זאַך פון מיין פאַרערונג, מיין אידעאַל איז פאַרבינדן מיט אַזאַ וועזן, וואָס איז דורך־און־דורך פאַרשענדט. וויפל גע־זונט וואָלט דאָס אָפּגעקאָסט אַ פאַנאַטיקער, ווען ער דערזעט, אַז זיין מזבח, זיין קדשי־קדשים איז באַדעקט מיט אַן אומרייינער שמאַטע? וואָס וואָלט ער איבער־געלעבט, ווען ער וואָלט אַנדערש נישט געקענט אַ קוש טון זיין הייליקייט, ווי נאָר דורך אַ פאַרשמוצטן שלייער? וואָס וואָלט ער איבערגעלעבט?

עס פעלט מיר אויס ווערטער זיך אויסצודריקן. אונדזערע ווערטער, אונדזערע מעשים זיינען תמיד צו וואולגאַר, צו נאַריש, צו קליינלעך, אַרויסצוגעבן אונ־דזערע העכסטע געפילן. אין יענעם טאָג האָט זיך קאָנצענטרירט אין מיר אַ מיש־מאַש פון פאַרשיידענע טרויעריקע זאַכן, וועלכע האָבן מיך שרעקלעך גע־שטיקט סוף־כל־סוף האָט זיך פון דעם אַלעם אַנטוויקלט אַ קליינער דיאַלאָג, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט אויף זייער אַ קאָמישן, פחדנותדיקן אופן. איר ווילט

וויסן, וואָס דערפון איז אַרויסגעקומען? איר ווילט וויסן דעם גאַנצן דיאַלאָג? טו הערט־זשע ווייטער.

אַלזאָ, זי איז געשטאַנען לעבן פענסטער, און איך בין צוגעגאַנגען נאָנט צו איר. אַ קורצע ווײַלע האָב איך קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדן. דערנאָך האָב איך מיט גרויס אָנשטרענגונג זי אַ נעם געטון בײַ אַ האַנט און זי אַ פרעג געטון:

— דזשינעווראַ, צי האָסטו מיך שוין אַמאָל פאַרראַטן?

זי האָט אויסגעגלאָצט אירע אויגן און געענטפערט:

— פאַרראַטן? וואָס מיינסטו דערמיט?

איך האָב ווידער געפרעגט?

— צי האָסטו געהאַט אַ געליבטן? נו, לאָמיר זאָגן... דאָבערטי?

זי האָט מיך כסדר אָנגעקוקט, ווײַל מיר האָט גע־קלאַפט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ סצענע? וואָס זאָל דאָס באַדייטן? צי ביסטו משוגע געוואָרן?

— ענטפער מיר דזשינעווראַ.

— ביסטו משוגע?

און בשעת איך האָב זי געפרוווט נאָכאַמאָל אָננעמען בײַ דער האַנט, האָט זי אַ געשריי געטון:

— פאַרדריי מיר נישט דעם קאָפּ, גענוג!

אָבער איך האָב, פּונקט ווי אַ צעמישטער, זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די קני און זי אָנגעכאַפּט באַם קלייד.

— איך בעט דיך, איך בעט דיך, דזשינעווראַ! האָב רחמנות, כאָטש אַ ביסל רחמנות! וואַרט ווייניקסטנס ביז ער וועט געבוירן ווערן... דאָס אומגליקלעכע באַשעפענישל... מיין אומגליקלעכער זון... מיינער... איז דאָס אמת? וואַרט כאָטש ביז ער וועט געבוירן ווערן. דערנאָך וועסטו טון, וואָס דיין האַרץ גלוסט; איך וועל שווייגן, איך וועל פון אַלעם ליידן. ווען דיינע געליבטע וועלן קומען, וועל איך דאַמאָלס אַוועקגיין. אויב דו וועסט מיך הייסן, וועל איך זיי די שטיוול פוצן אין צווייטן צימער... איך וועל זיין דיין קנעכט, איך וועל זיין זייער קנעכט; אַלץ וועלן איך ליידן. אָבער וואַרט, וואַרט! גיב מיר פריער מיין זון! האָב רחמנות...

אָבער גאָרנישט, גאָרנישט! איר בליק האָט אויסגעדרוקט בלויז אַ פּוסטע נייגעריקייט. זי האָט אַ ביסל אָפּגעטרעטן צוריק און איבערגעחזרט:

— צי ביסטו משוגע געוואָרן?

זעענדיק, אַז איך הער נישט אויף צוצושטיין צו איר און בעטן זי, האָט זי זיך אויסגעדרייט צו מיר

מיט די פּלייצעס, אַרויסגעגאַנגען, צוגעמאַכט די טיר נאָך זיך און מיך געלאָזט שטיין אויף די קני. די זון האָט געוואָרפן אויף דער פּאָדלאָגע אירע ליכטיקע שטראַלן; אויף דער שטול איז געלעגן דער טויטן-קראַנץ, און מיינעליידן האָבן זיך אויף קיין האָר נישט געענדערט...

וואָס קענען מיר אָבער אין אַלגעמיין ענדערן? האָבן דען עפּעס אַ ווערט אונדזערע טרערן? — יעדער מענטש איז עפּעס, און אויף יעדערנס חלק פאַלט אויס איבערצוטראָגן עפּעס — אַזוי איז דאָס, גאָרנישט אַנדערש.

מיר זיינען שוין ביידע גוט פאַרמאַטערט, מיין טייערער פריינט: איך פון דערציילן און איר פון הערן. אמת גערעדט, האָב איך אייך אַ ביסל צו פיל מאַריך געווען. יאָ, איך האָב אייך מאַריך געווען אַ ביסל; פאַרוואָס — ווייסט איר אַליין גאַנץ גוט: עס האַנדלט זיך דאָך נישט אין דעם. דעם עיקר האָב איך אייך נישט דערציילט, כדי צוצוקומען צום עיקר דאַרף איך אייך נאָך דערציילן די געשיכטע פון אַ צען יאָר. יאָ,

צען יאָר; צען טרויריקע יאָר־הונדערטער פֿון ליידן און שאַנד.

און דאָך, דאָס איז נאָך אַלץ גאָרנישט. יאָ, יענע נאַכט, ווען איך האָב דערהערט די גוואַלטן פֿון דער קינפּעטאָרן, ווי דייטלעכע אוממענטשלעכע קולות, קולות פֿון אַ חיה, וואָס ליגט אונטערן מעסער — האָב איך מיר דאַמאָלס מיט גרויס ציטערניש אַזוי גע־טראַכט: — אַך, ווען זי שטאַרבט און דאָס קליינע באַשעפעניש בלייבט לעבן! — זי האָט געמאַכט אַזעלכע גוואַלטן, אַז איך בין געווען זיכער: — ווער עס מאַכט אַזעלכע קולות מוז אומבאַדינגט שטאַרבן. — מיט דעם געדאַנק האָב איך מיך אַרומגעטראָגן, און די דאָזיקע האָפֿנונג האָט מיך אַפֿילו קיין מינוט נישט פֿאַרלאָזט. אָבער זי איז נישט געשטאָרבן; זי איז געבליבן לעבן, און דאָס איז געווען אַ טויט פֿאַר מיין זון.

פֿאַר מיין זון. ער איז טאַקע געווען מיינער, פֿון מיין אייגן בלוט. ער האָט אַפֿילו געהאַט אויפֿן לינקן אַקסל דעם זעלבן געבורטס־פֿלעק, וואָס איך האָב געהאַט זאָל גאָטס נאָמען געלויבט זיין פֿאַר דעם דאָזיקן פֿלעק וועלכער האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו דער־קענען מיין זון.

צי זאָל איך אייך דערציילן מיינע יסורים פֿון די־

דאָזיקע צען יאָר? צי זאָל איך אייך אַלץ דערציילן? דאָס איז אוממעגלעך. איך וועל אייך נישט קענען דער־ציילן ביזן סוף. און אויב איך וועל אייך יאָ דערציילן, וועט איר האָבן אַ ברירה מיר נישט צו גלייבן, דען אַלץ, וואָס איך וועל אייך דערציילן, לייגט זיך גאָרנישט אויפן מענטשלעכן מוח.

אָט גיב איך אייך איבער אין עטלעכע ווערטער אַלע פאַקטן. מיין הויז איז געוואָרן אַ שאַנד־הויז. אַ סך מאָל האָב איך באַגעגנט לעבן מיין טיר גאָר אומבאַקאַנטע מענטשן. מיין וואָרט האָב איך נישט גע־האַלטן; דאָס, וואָס איך האָב פאַרשפּראָכן, האָב איך נישט דערפילט. — איך האָב די שטיוול נישט געפּוצט אין צווייטן צימער, נאָר איך האָב געטון אַזעלכע אַר־בעטן, וואָס דער ערגסטער דינער וואָלט דאָס נישט געטון. אַפילו באַטיסטאָ איז נישט געווען אַזוי אומ־גליקלעך, ווי איך; ער האָט געהאַט אַ בעסער מזל: ער איז נישט געווען אַזוי דערנידריקט. קיין שום מענטשלעכע ליידן קענען נישט פאַרגלייכט ווערן מיט מיינע. כריסטוס וואָלט אויף מיר זיינע טרערן פאַרגאָסן, ווייל קיין שום מענטש אין דער וועלט איז אַזוי פיל נישט דערנידריקט געוואָרן, ווי איך. באַ־טיסטאָ, נאָר ער האָט נאָך געקענט פאַרשטיין; נאָר

אַזא אומגליקלעכער ווי ער האָט געקענט האָבן מיט־לייד מיט מיר.

די ערשטע פּאָר יאָר, ווען דזשיראָ האָט נאָך גאָרנישט פאַרשטאַנען, האָב איך קיין שום זאַך נישט געטון. דערנאָך, אַז איך האָב באַמערקט, אַז זיין פאַרשטאַנד דערוועקט זיך אין אים, אז איך האָב מיך אַרומגעזען, אַז אין דעם קליינעם און שוואַכן קערפּער, אַנטוויקלט זיך דער פאַרשטאנד מיט אַן אומגעהייערער שנעלקייט, אַז איך האָב דערהערט פון זיין מויל די ערשטע שרעקלעכע פראַגע, האָב איך דערפילט, אַז איך בין פאַרלוירן

וואָס האָב איך געקענט טון? ווי אַזוי האָב איך געקענט באַהאַלטן פון אים דעם אמת? ווי אזוי האָב איך מיך געדאַרפט ראַטעווען? איך האָב מיך געפילט פאַרלוירן.

די מוטער האָט פאַר אים גאָרנישט געזאָרגט; גאַנצע טעג פלעגט זי אים איבערלאָזן אַליין; צייטנווייז, ווען ער פלעגט דאַרפן דאָס נייטיקסטע, פלעגט זי אים אויך נישט באַדינען; זי פלעגט אים נישט איינמאָל אויך דערלאַנגען, און איך פלעג דאַרפן שעהן לאַנג שטיין פונדערווייטנס; איך פלעג אים אויך כסדר נישט קענען דערוואַרעמען מיט מיינע צערטלעכקייטן, איך

פֿלעג אים נישט קענען זיס מאַכן דאָס לעבן, אַזוי ווי איך האָב דאָס געוואָלט, אַזוי ווי איך האָב געוואָלט, אָדער ווי איך האָב געטרוימט. דאָס אומגליקלעכע קינד האָט כּמעט די גאַנצע צייט פֿאַרבראַכט אין קיך, אין געזעלשאַפֿט פֿון דער דינסט.

איך האָב אים אָפּגעגעבן אין אַ שולע אַריין. אינ־דערפֿרי פֿלעג איך אים אַליין אָפּפֿירן אין שולע און פֿינף נאָך מיטאָג פֿלעג איך גיין אים צוריקברענגען; דערנאָך פֿלעג איך אים שוין נישט איבערלאָזן אַליין ביז ער פֿלעגט נישט אַנטשלאָפֿן ווערן. זייער שנעל האָט ער זיך אויסגעלערנט לייענען, שרייבן; ער האָט איבערגע־שטיגן אַלע זיינע חברים; ער האָט געמאַכט אַן אויסער־געוויינטלעכן פֿאָרשריט. ער האָט געהאַט זייער קלוגע אויגן. בשעת ער פֿלעגט אויף מיר אָנשטעלן זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן, וועלכע דאָבן באַלויכטן זיין פּנים, פֿלעג איך טיילמאָל איבערלעבן אַ מין אומרויִקייט, און איך פֿלעג לאַנג נישט קענען אויסהאַלטן זיין טיפֿן, מעלאַנכאָלישן בליק. אָך, אין טייל אָוונטן, אין דער אָנוועזנהייט פֿון דער מוטער, ווען ס׳איז אויף אונדז אַלע דריי געהאָנגען אַ טויטע שטילקייט... מיינע אַלע שטומע ליידן האָבן זיך אָפּגעשיינט אין די דאָזיקע ריינע אויגן.

אָבער דאָס איז נאָך אַלץ גאָרנישט. ערגערע טעג

זיינען אָנגעקומען. מיין חרפה איז שוין געוואָרן צו־פיל אָפן. דער סקאַנדאַל איז געווען אַ צו שטאַרקער, און די פרוי עפּיסקאָפּאָ האָט באַקומען אַ צו גרויסן שם. אַחוץ דעם אַלעמען האָב איך פאַרנאַכלעסיקט מיינע פליכטן פון מיין אַמט; אין די בריוו פלעג איך מאַכן זייער אָפטע טעותים; טיילמאָל פלעגט מיר דער פולס אַזוי קלאַפּן, אַז איך פלעג פשוט די פעדער נישט קענען האַלטן אין דער האַנט. מיינע קאָלעגן און מיינע העכערע באַאמטע פלעגן קוקן אויף מיר, ווי אויף אַ מענטש, וואָס האָט פאַרלוירן זיין ערע, איז דערנידריקט און פאַרגראָבט געוואָרן צוויי, אָדער דריי מאָל האָט מען מיר געמאַכט פאָרווורפן, דער־נאָך האָט מען מיך אויף אַ געוויסע צייט אַראָפּגעזעצט פון מיין אַמט, און ענדלעך האָט מען מיר, אין נאָמען פון דער באַליידיקטער מאָראַל, אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון מיין שטעלע.

ביז יענעם טאָג האָב איך נאָך געהאַט אויף אַזוי־פיל אַ ווערט, אויף וויפל מיין געהאַלט האָט באַטראָפן. פון יענעם טאָג אָן און ווייטער בין איך מער נישט ווערט געווען, ווי דאָס אַש פון אַ ציגאַר; דאָס שאָלעכץ, וואָס וואַלגערט זיך אויף דער גאַס האָט געהאַט אַ גרעסערן ווערט. קיין זאַך קען איך נישט געבן קיין ריכטיקן

באגריף פון די יסורים, וואס מיין ווייב און מיין שוויגער האבן מיר פארשאפט באם מאטערן מיך. מען האט בא מיר צוגענומען מיינע עטלעכע טויזנט ליר, וועלכע זיינען בא מיר פארבליבן. מיין שוויגער ווידער האט אויף מיינע קאסטן אויפגעעפנט א שניט-געשעפט, און פון דעם קליינעם געשעפטל האט די גאנצע פאמיליע נאך געקענט, ווי עס איז, ציען חיונה.

מען האט אויף מיר אנגעהויבן קוקן ווי אויף אן „אומזיסטן פרעסער"; מען האט מיך צונויפגעפארט מיט באציסטאן. אויך איך האב נישט א יינמאל גע-טראפן באנאכט פארמאכט די טירן; אויך איך בין נישט איינמאל פון הונגער אויסגעגאנגען. און איך האב מיך צוגעוויינט צו אלע צרות, צו אלע שוועריקייטן, צו דער נידריקסטער ארבעט. כדי צו פארדינען א פאר סאלד, פלעג איך פון פרימארגן ביז פאר-נאכט שטיין אויף די פיס; איך פלעג ווערן א שרייבער, א לויף-יונגל. און איינמאל בין איך גאר געווארן א סופלאר אין אן אפערעטע. און וואס בין איך נישט אויסגעווען. איך בין געווען א שומר בא דער טיר פון א ציישונגס-קאנטאר, איך בין געווען אן אנגע-שטעלטער אין א פארמיטלונגס-ביורא, איך פלעג פאר-קומען מיט אלע סארטן מענטשן, מיט איין ווארט,

איך פלעג אַראָפּבייגן דעם קאָרג פאַר די שווערסטע אַרבעט.

אַצינד זאָגט מיר: צי נאָך אַזאַ לאַנגן אַרבעטס-טאָג האָב איך מיר נישט פאַרדינט קיין אָפּרו? אָוונטצייט, ווען דזשיראָ פלעגט צומאַכן די אויגן, פלעג איך אַרויסגיין, אויב איך האָב נאָר געקענט. באַטיסטאַ פלעגט מיך שוין אָפּוואַרטן אויף דער גאַס. דאַמאָלס פלעגן מיר זיך ביידע אַוועקלאָזן אין אַ שענק אַריין טרונקען.

וואָס פאַר אַן אָפּרו?! וואָס פאַר אַ פאַרווײַלונג? ווער האָט אַמאָל געוווסט די באַדייטונג פון די דאָזיקע ווערטער: „פאַרטרינקען די צרות?" אָך, מיין פריינט, איך האָב געהאַלטן אין איין טרונקען, ווייל איך האָב שטענדיק געפילט, ווי עס ברענט אין מיר אַ דורשט; אָבער דער וויין האָט מיר קיין סעקונדע פרייד נישט גע- געבן. מיר זיינען געזעסן איינער קעגן צווייטן און מיר האָבן קיין לוסט נישט געהאַט צו רעדן. קיינער האָט דאָרט נישט גערעדט. צי זענט איר שוין געווען אַ מאָל אין די דאָזיקע שטילע שענקען? די טרינקערס זיינען תמיד איינזאַם, האָבן תמיד אויסגעמאַטערטע פּנימער, זיי רייבן זיך תמיד די שלייפן מיט זייערע הענט; פאַר זייערע אויגן שטייט דאָס גלאָז, זייערע

אויגן זיינען ווי צוגעבינדן צום גלאָז, אָבער זיי זען עס קיינמאָל נישט. צי איז דאָס ווין? צי איז דאָס בלוט? יאָ, מיין פריינט: דאָס זיינען ביידע זאַכן צוזאַמען.

באַטיסטאָ איז כמעט ווי בלינד געוואָרן. איינמאָל באַנאַכט, ווען מיר זיינען געגאַנגען צוזאַמען, האָט ער זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט באַ אַ לאַמטער און טאַפּנדיק זיך דעם בויך, האָט ער מיר אַ זאָג געטון:

— זע ווי ער איז אָנגעשוואָלן.

דערנאָך האָט ער אָנגענומען מיין האַנט, זי אַדורכגעפירט איבערן געשווילעכץ און מיר א זאָג געטין מיט אַ שרעקעדיקער שטימע:

— וואָס וועט אַצינד זיין?

שוין עטלעכע וואָכן האָט ער זיך געפונען אין אַזאַ צושטאַנד און האָט קיינעם נישט דערציילט פון זיין קרענק. אין עטלעכע טעג ארום האָב איך אים אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל אַריין, דאָקטוירים זאָלן אים באַטראַכטן. עס איז געגאַנגען אין דעם געשווילעכץ, וואָס האָט זיך פאַרגרעסערט פון טאָג־צו־טאָג. מען האָט געקענט מאַכן אַן אָפּעראַציע. באַטיסטאָ האָט אָבער נישט געוואָלט, ווייל ער האָט נאָך געוואָלט לעבן

ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט זיין קרענק נאָך

עטלעכע חדשים; דערנאָך האָט ער זיך געמוזט אַוועק־לייגן אין בעט אַריין, פון וועלכן ער האָט זיך שוין מער נישט אויפגעהויבן.

וואָס פאַר א לאַנגער און שווערער טויט! כדי נישט צו הערן דאָס יאָמערן פון אומגליקלעכן באַטיסטאָ, האָט די שוויגער אים פאַרשלאָסן אין אַ ווייטן, שמו־ציקן און פינסטערן צימער. יעדן טאָג פלעג איך דאָרט אַריינקומען; דזשיראָ פלעגט אויך וועלן מיט מיר מיטגיין, כדי מיר דאָרט מיט עפּעס באַהילפיק צו זיין... אַך, ווען איר וואָלט אויף אים אַ קוק געטון: אויף מיין אומגליקלעכן קינד! ווי מוטיק ער האָט זיך געפילט באַ דער וואָלטעטיקער אַרבעט, זייט־באַ זייט מיט זיין פאָטער!

איך האָב אָנגעצווונדן אַ שטיקל ליכט, כדי בעסער אַליין צו באַמערקן. דזשיראָ האָט מיר דאָס ליכט אָנ־געצווונדן. דאַמאָלס האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן בולט באַוויזן דער גיגאַנטישער, אומפאַרמיקער קער־פּער, וועלכער האָט געקרעכצט און בשום אופן נישט געוואָלט שטאַרבן. ווי זאָל איך מיך ווייטער אויס־דרוקן? דאָס איז נישט געווען קיין מענטש, וועלכער האָט געליטן פון א קראַנקייט, נאָר דאָס איז געווען די קראַנקייט אַליין. דאָס איז געלעגן נישט קיין

מענטש, נאָר גיכער אַ מאָנסטער, װעלכער האָט קוים דעם אָטעם געצויגן און צו װעלכן עס זיינען צוגע־טשעפּעט געװען אַ פּאָר צרהדיקע הענט, אַ פּאָר צרה־דיקע פיס און אַ קליינער אויסגעמאָגערטער, רויטלע־כער קאָפּ. שרעקלעך! שרעקלעך! — און דזשיראָ האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט, און אין זיין אָנגעצויגע־נער הויט, װעלכע האָט געגלאַנצט, װי געלער מורמל־שטיין, האָב איך דאַמאָלס, מיט אַ פּאַרזשאַװערטן שפּריץ, אַריינגעשפּריצט דעם מאָרפיום.

אָבער גענוג, גענוג שוין. זאָל געבענטשט זיין זיין אומגליקלעכע נשמה. אַצינד דאַרף איך מיך דערנענטערן צום עיקר. איך װעל מיך אַצינד באַמיִען צו פאַרקירצן די געשיכטע.

דאָס מזל! צען יאָר זיינען פאַרבייגעלאָפן; צען יאָר פון פאַרצװייפלטן לעבן; צען לאַנגע צרותדיקע יאָר. איין אָן אָװנט, װען מיר זיינען זיך באַם טיש געזעסן, האָט מיר דזשינעװראַ אַ זאָג געטון אין געגנ־װאַרט פון דזשיראָן: — צי װייסטו? װאַנצער איז דאָך צוריקגעקומען. איך בין אַפילו נישט בלייך

געוואָרן; ווייל אַזוי ווי איר זעט, האָט שוין לאַנג דאָס פּנים בּאַ מיר אַזאַ קאָליר געהאַט; דער טויט וועט עס שוין אויך נישט ענדערן; און מיט אַזאַ פּנים וועט מען מיך בּאַגראָבן. אָבער דאָס געדענק איך גאַנץ גוט, אז איך האָב קיין איינציק וואָרט נישט געקענט אויסרעדן.

זי האָט אויף מיר אָנגעשטעלט איר בּליק, וועלכער פּלעגט תּמיד אויף מיר אַ שרעק אָנוואַרפן, פּונקט ווי אויף אַ פּחדן, וועלכער דערזעט פאַר זיך אַן אויסגעשטרעקטע ביקס. איך האָב בּאַמערקט, אז זי בּאַטראַכט מיין שטערן, מיין שראַם. זי האָט אַ לאַך געטאָן מיט אַ בייזן, אומדערטרעגלעכן שמייכל אויף די ליפּן. כּדי מיר נאָך מער ליידן צו פאַרשאַפן, האָט זי מיר אַ זאָג געטון, אונטערשטרייכנדיק יעדעס וואָרט:

— דו האָסט שוין אָן וואַנצערן פאַרגעסן? ער האָט דאָך דיר אַ גוט דרשה-געשאַנק איבּערגעלאָזט אויפן שטערן...

בּאַ די דאָזיקע ווערטער האָט אויך דזשראָ אָנגעשטעלט זיינע אויגן אויפן שראַם; און איך האָב אין זיי גלייך איבּערגעליינט די פראַגע, וועלכע ער האָט געוואָלט מיך אַ פרעג טון. ער האָט מיך געוואָלט פרעגן:

— וואָס זאָל דאָס זיין? האָסט מיר נישט דערציילט אַמאָל, אַז דו האָסט דיך פאַרוווּנדעט, פאַלנדיק? פאַר-וואָס האָסטו מיך אָפּגענאַרט? און ווער איז דאָס דער דאָזיקער מענטש, וועלכער האָט דיר אַזאַ צייכן געלאָזט?

איך האָב די אויגן אַראָפּגעלאָזט און קיין וואָרט נישט אַרויסגעזאָגט.

דזשינעווראַ האָט ווייטער גערעדט.

— היינט אינדערפרי האָב איך אים באַגעגנט. ער האָט מיך גלייך דערקענט. אין אָנהייב האָב איך אים נישט דערקענט, ווייל ער האָט זיך געלאָזט אָנוואַקסן די באָרד. פון אונדז האָט ער גאָרנישט געוווּסט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער זוכט אונדז שוין אַרום אַ דריי, פיר טעג. ער וויל דיך זייער זען, זיין גוטן פריינט. ער האָט געוויס געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגן אין אַמער-קע; וויי־ניקסטנס מאַכט זיין אויסזען אַזאַ איינדרוק...

זי האָט כסדר גערעדט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און האָט געהאַלטן אין איין שמייכלען. פון צייט־צו־צייט פלעגט דזשיראָ וואַרפן אַ בליק אויף מיר; און איך האָב גוט געפילט, ווי ער פילט, אַז איך לייד.

נאָך אַ קורצער פּאַוזע האָט דזשינעווראַ ווייטער גע-רעדט.

— ער וועט היינט אין אָוונט באַשטימט קומען.

אינדרויסן האָט שטאַרק גערעגנט. און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס אומעטיקע גערויש פון רעגן קומט נישט פון דרויסן, נאָר טראָגט זיך פון מיר, פון אינעווייניק, פונקט ווי איך וואָלט איינגעשלינגען אַ גרויסע פאָרציע כינע. איך האָב מיטאַמאָל פאַרלוירן דאָס געפיל פון ווירקלעכקייט; איך האָב מיך געפונען אַרומגערינגלט מיט דער דאָזיקער באַזונדערער אַטמאָספער, פון וועלכער איך האָב אייך שוין אַמאָל דערציילט. עס האָט זיך ווידער אין מיר דערוועקט דאָס געפיל פון פאָרויסזען — פון דעם, וואָס עס איז געשען און דאַרף געשען — איר פאַרשטייט מיך? איך האָב געגלייבט, אַז איך וועל נאָך ביישטיין אַ גאַנצע רייע געשעענישן, וואָס האָבן שוין אַמאָל פּאַסירט. צי מיינט איר, אַז דזשינעוווראַס ווערטער — זיינען נייע? צי מיינט איר, אַז מיינע לײדן זיינען נייע? צי מיינט איר, אז דער אומאָנגענעמער צושטאַנד, וואָס דעם זונס בליקן האָבן אין מיר אַרויסגערופן, ווען ער האָט באַטראַכט מיין שראַם, זיינען נייע? קיין זאַך איז נישט נײַ. אַלץ חזרט זיך איבער.

און אַזוי זיינען מיר זיך אַלע דריי געזעסן אַרום טיש און געשוויגן. דזשיראָס פּנים האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינטלעכע באַאומרויִקונג. די שטילקייט

אַליין האָט אין זיך אַנטהאַלטן עפּעס אויסערגעוויינט-
לעכס: אַ מין טיפע און אומקלאָרע באַדייטונג וועלכע
מיין נשמה האָט בשום אופן נישט געקענט באַגרייפן.

מיטאַמאָל האָט דאָס גלעקל אַ קלינג געטאָן.

איך מיט מיין זון האָבן מיר זיך ביידע איבערגע-
קוקט. דזשינעווורא האָט געזאָגט:

— דאָס איז וואַנצער, גיי עפן די טיר.

איך בין געגאַנגען עפענען. איך בין געגאַנגען,
אָבער עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז נישט איך גיי
דאָס, נאָר אַן אַנדערער.

וואַנצער איז אַריינגעקומען.

צי איז נייטיק אייך צו באַשרייבן די גאַנצע סצענע?
צי דאַרף איך אייך איבערגעבן זיינע ווערטער? קיין
שום אויסערגעוויינטלעכס שטעקט נישט אין דעם, וואָס
ער טוט און אין דעם, וואָס ער רעדט, אין דעם, וואָס
מיר טוען און אין דעם, וואָס מיר רעדן. צוויי אַלטע
פריינט האָבן זיך ווידער געטראָפן, האָבן זיך געהאַלדזט,
האָבן זיך דורכגעוואָרפן מיט די געוויינטלעכע פראַגעס
און געוויינטלעכע ענטפערס — דאָס אינגאַנצן.

אַצינד וועגן זיין אויסזען ער האָט געטראָגן אַ
רעגן-מאַנטל מיט אַ קאַפּטער, וועלכער איז געווען
פייכט פון רעגן. ער האָט אויסגעזען העכער, דיקער

און שטאָלצער. ער האָט געטראָגן דריי, אָדער פיר פינגערלעך אויף די פינגער, אַ שפּילקע אין קראַוואַט און אַ גאָלדענע קייט. אין רעדן פלעגט ער זיך נישט פּלאָנטערן, פּונקט ווי אַ מענטש, וועלכער איז זיכער בּאַ זיך. און דאָך — צי איז ער נישט געווען קיין גנב, וועלכער האָט זיך נאָך אַ לאַנגע צייט פון פאַרפאָלגונג אומגעקערט צוריק אין זיין פאָטערלאַנד?

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטון און אַזוי זיך דרך־אַגב אַ זאָג געטון:

— דו בּיסט זייער פאַרעלטערט געוואָרן. די פרוי דזשינעווראַ פאַרקערט: איז נאָך פרישער און שענער ווי פריִער...

אַראָפּלאָזנדיק די בּרעמען, האָט ער ווידער אַ קוק געטון אויף דזשינעוורען און תאווהדיק אַ שמייכל געטון. ער האָט זי שוין פאַרלאַנגט און האָט שוין געקלערט, ווי אַזוי זי צו בּאַזיצן

— אָבער זאָג מיר דעם אמת — האָט ער צוגעגעבן. — צי בּין איך אפשר נישט געווען דער, וועלכער האָט אייך בּיידע צונויפגעפּאָרט? אפשר אַ שלעכטער איינפאַל? צי געדענקסטו כאָטש, אַז דאָס איז געווען מיין איינפאַל? אַך, אַך, דו געדענקסט?

ער האָט זיך צעלאַכט און נאָך אים דזשינעווראַ.

איך האָב מיך אויך געמאַכט, ווי איך לאַך. איך האָב זייער גוט נאָכגעמאַכט באַטיסטאָס גרימאַסן. דער אומגליקלעכער באַטיסטאָ עלו־השלום האָט מיר איבער־געלאָזט בירושה זיין קאָנוואולסיוו און נאַריש געלעכ־טער. זאָל אים די ערד גרינג זיין!

אָבער דזשיראָ האָט פון אונדז דריי זיין אויג נישט אַראָפּגענומען. און ווען זיין בליק פלעגט רוען אויף וואַנצערן, פלעגט זיין פּנים באַקומען אַזאַ שרעקלעך אויסזען, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל אַזעלכס נישט געזען.

— דער זון דיינער איז זייער געראָטן אין דיר — האָט וואַנצער געזאָגט. — ער געראָט מער אין דיר, ווי אין דער מוטער.

און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט, אים אַ גלעט צו טון. אָבער דזשיראָ האָט אַ מאַך געטון אַזאַ קונץ, אַז ער האָט מיט איין שאָקל פון קאָפּ אויסגעמיטן וואַנצערס האַנט. ער האָט דאָס געמאַכט מיט אַזאַ גאווה און מיט אַזאַ בייזקייט, אַז וואַנצער איז אַנט־שטוינט געבליבן.

— אַך, דו אויסוואורף! — האָט די מוטער אַ גע־שריי געטון.

זי האָט אים גלייך אַראָפּגעלאָזט אַזאַ פּאַטש, אַז אין צימער האָט אַ קלינג געטאָן.

— נעם אים צו, נעם אים גלייך צו פון דאַנען.

זי איז אַזש בלייך געוואָרן פאַר כעס. איך האָב מיך אויפגעהויבן און זי געפּאָלגט. דזשיראָ האָט אַראָפּגעלאָזט זיין גאָמבע אויף דער ברוסט, אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטן און נישט געוויינט. ער האָט פאַרביסן מיט די ליפּן און אין דער שטיל געקריצט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

ווען מיר האָבן זיך שוין געפונען אין אונדזער צימער, האָב איך אים מיט אַ זייער צערטלעכער באַוועגונג אויפגעהויבן זיין קעפּל; אויף זיין אויסגעמאָגערט בּאַקעלע האָב איך באַמערקט אַ צייכן פון פינגער, אַ ראָזן צייכן פון פּאַטש. טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן.

— עס טוט דיר וויי? זאָג מיר, מיין קינד: עס טוט דיר גוט וויי? דזשיראָ, מיין טייערער, ענטפער! עס טוט דיר שטאַרק וויי? — איך האָב מיך איינגעבויגן איבער זיין באַליידיקטער באַק און עס האָט זיך מיר געגלוסט באַגיסן זי נישט נאָר מיט מיינע טרערן, נאָר מיט עפּעס אַ באַלזאַם.

ער האָט אַ וואָרט נישט גערעדט; ער האָט אויך

נישט געווינט. קיינמאָל האָב איך אים נישט געזען מיט אַזאַ שטרענגען, פיינטלעכן, ווילדן אויסדרוק. דער שטערן איז געווען גערונצלט, דאָס מויל אָנגעבלאָזן, און בלייך איז ער געווען, ווי אַ טויטער.

— דזשיראָ, דזשיראָ, מיין קינד, ענטפער מיר!

ער האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך אָוועקגעריקט פון מיר, אַוועקגעגאַנגען אין דער ריכטונג צו זיין בעטל און זיך אָנגעהויבן אויסטון אין דער שטיל. איך בין צו אים צוגעלאָפן, אים צו העלפן זיך אויסטון. מיינע באַוועגונגען זיינען געווען אַזעלכע שרעקעדיקע, הכנאהדיקע; און פון דעם געדאַנק, אַז ער האָט עפּעס אפשר אויך קעגן מיר — בין איך אַן אויפגעצאפּלטער געוואָרן. איך האָב מיך לעבן אים אויף די קני אַראָפּגעלאָזט, אים די שיכעלעך אַראָפּצוציען. איך האָב מיך צוגעגעבן מיט מיין גאַנצן קערפּער צו זיינע פיסעלעך, און עס איז עס אויסגעקומען אַזוי, אַז זיינע פיסעלעך האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אָן מיין האַרץ, וועלכעס איז שווער געווען ווי אַ בליי, וועלכעס האָט כמעט אויפגעהערט צו קלאַפּן.

— פאַפּאַ, פאַפּאַ, האָט ער פּלוצלינג אַ זאָג געטון, צוּרירנדיק זיך צו מיינע שלייפן. איך האָב באַמערקט, אַז ער וויל פרעגן עפּעס אַ שרעקלעכע פראַגע,

— פּאַפּאַ, פּאַפּאַ — האָט ער פּלוצלינג אַ זאָג געטון, צווירענדיק זיך צו מיינע שלייפן. איך האָב באמערקט, אַז ער וויל פרעגן עפּעס אַ שרעקלעכע פראַגע.

— אָבער זאָג שוין! זאָג שוין! — האָב איך מיך באַ אים מיט רחמים געבעטן, שטייענדיק אַלץ איינגע־בויגן לעבן זיינע פיס.

ער האָט זיך ווייטער אָפּגעשטעלט און גאָרניט געזאָגט. ער איז אַריין אין בעטל, זיך צוגעדעקט מיט דער דעק און טיף איינגעגראָבן דאָס קעפּל אין קישן. באַלד דערנאָך האָט דאָס אים אָנגעהויבן קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן, פּונקט ווי אין די קאַלטע ווינטער־טעג, ווען ער פלעגט געפרוירן ווערן פאַר קעלט. מיינע צערטלעכקייטן האָבן אים נישט באַרויקט, און מיינע אַלע ווערטער האָבן אויף אים קיין שום ווירקונג נישט געהאַט.

אַך, מיין פריינט, ווער עס האָט דאַמאָלס איבערגע־לעבט דאָס, וואָס איך, דער האָט זיך זיכער פאַרדינט דאָס ליכטיקע גן־עדן.

עס איז אַריבער אַזוי אפשר אַ שעה. עס האָט זיך מיר עדלעך געדאַכט, אַז דזשיראָ באַרויקט זיך. ער האָט צוגעמאַכט זיינע אויגן, פּונקט ווי ער וואָלט אַנט־שלאָפן געוואָרן: זיין פּנים האָט זיך ביסלעכווייז

איינגעשטילט און האָט אויפגעהערט צו ציטערן. אָן שום באַוועגונגען בין איך געבליבן שטיין לעבן זיין בעטל.

אינדרויסן האָט כסדר געדעגנט. פון צייט-צו-צייט האָט אַ גאַנצער פלייץ-רעגן מיט אימפעט אַ קלאַפּ געטון אָן די שויבן; דזשיראָ האָט אַן עפן געטון זיינע אויגן און גלייך דערנאָך זיי צוריק צוגעמאַכט.

— שלאָף, שלאָף! איך בין דאָ לעבן דיר — פלעג איך אים יעדעס מאָל איבערחזרן. — שלאָף, מיין טייער קינד!

איך בין אָבער געווען אין איין שרעק, און די דאָזיקע שרעק האָב איך בשום אופן נישט געקענט דערשטיקן אין זיך. איך האָב געפילט, ווי אַ מין דראָזונג אַרום זיך. יעדעס מאָל פלעג איך איבערחזרן:

— שלאָף, שלאָף, מיין טייערער!

אַ שרעקלעכער, האַרץ-רייסנדער געשריי האָט זיך פלוצלינג איבער אונדזערע קעפּ אַ טראָג-געטון. דזשיראָ האָט זיך אַ זעץ-געטון אויפן בעטל און אַ דערשראָקענער מיך אַ כאַפּ געטון באַם אָרעם.

— פּאַפּאַ, פּאַפּאַ! דו האָסט געהערט?

און ביידע, איינגעקאָרטשעט פון שרעק, זיינען מיר אַזוי געזעסן און זיך צוגעהערט

אַ צווייט געשריי האָט זיך דערהערט. עס האָט אויס־געזען, פּונקט ווי מען וואָלט אַ מענטש דערהרגעט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דערהערט נאָך אַ מער דויערהאַפטער און האַרץ־רײַסנדער געשריי, ווי פריער, וועלכן איך האָב גלייך דערקענט, ווײַל איך האָב שוין איינמאָל באַנאַכט געהאַט דאָס פאַרגעניגן אַזעלכן צו הערן...

— באַרויִק זיך, באַרויִק זיך. שרעק זיך נישט. דאָס גייט אַראָפּ אַ פרוי פון אויבערשטן שטאָק. דו פאַר־שטייסט? דאָס איז בעדעטי... באַרויִק זיך, מיין קינד. דאָס איז גאָרנישט.

די געשרייען האָבן אַלץ נישט אויפגעהערט: זיי האָבן די מויער דורכגעלעכערט. עס האָט זיך גע־דאַכט, עמעצער קלאַפּט אין אַ באַראַבאַן. פון מינוט־צו־מינוט זיינען די גוואַלטן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרן. אַצינד האָט זיך גאָר געדאַכט, אַז דאָס קוילעט מען אַ חיה, וועלכע מאַכט אַזעלכע שרעק־לעכע גוואַלטן. דאָס בילד האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט דייטלעך פאַר מיינע אויגן.

אינסטינקטיוו האָבן מיר ביידע מיטאַמאָל פאַרשטעלט מיט די הענט אונדזערע אויערן, וואַרטנדיק, אַז אָט, אָט ענדיקן זיך די גוואַלטן.

די גוואַלטן האָבן אויפגעהערט; דער פלייץ-רעגן האָט מיט אַ גרעסערן כּוח געקלאַפּט אין די שויבן. דזשיראָ האָט זיך ווידער צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע און ווידער צוגעמאַכט די אויגן. איך האָב אים באַרויקט:

— שלאָף, שלאָף. איך וועל פון דאַנען נישט אַוועקגיין.

עס איז אַדורך אַ לענגערע צייט. איך האָב זיך געפונען אין דער מאַכט פון מיין מזל, פונקט ווי אַ באַזיגט'ר אין דער מאַכט פון זיין פאַרביטערטן באַזיגער. מיר האָט קיין זאַך שוין נישט געקענט העלפן: איך בין געווען פאַרלוירן.

— דזשאָוואַני, קום נאָר אַהער. וואַנצער גייט שוין אַוועק.

דזשינעווראַס שטימע! אַ שוידער איז מיר אַדורך דורך מיינע ביינער; דזשיראָ האָט אויך אַ ציטער געטון, אָבער ער האָט נישט אויפגעמאַכט זיינע אויגן; ווי עס ווייזט אויס, איז ער נישט געשלאָפן. איך האָב מיך געשלאָגן מיט דער דעה — צי איך זאָל זי פאָלגן? דזשינעווראַ האָט אויפגעעפנט די טיר פון צימער און איבערגעחזרט:

— קום נאָר. וואַנצער גייט שוין אַוועק.

האָב איך מיך אויפגעהויבן און שטילערהייט אַרויס פון צימער, האָפנדיק, אַז דזשיראָ האָט נישט געהערט.

ווען איך האָב מיך באַוויזן פאַר דעם מענטש, האָב איך דייטלעך געליינט אין זיינע אויגן דעם איינדרוק, וועלכן איך האָב געמוזט אויף אים מאַכן. איך האָב אים געמוזט אויסזען ווי אַ טויטער מענטש, וועלכער האַלט זיך נאָך אויף די פיס, אַ דאַנק אומנאַטירלעכע כּוחות, אָבער איך האָב אין אים קיין שום מיטלייד נישט דערוועקט.

ער האָט מיך אָנגעקוקט, און די גאַנצע צייט האָט ער צו מיר גערעדט אויף איין שטייגער. ער האָט זיך געהאַלטן ווי דער הער, וועלכער האָט צוריק געפונען זיין אַמאָליקן דינער. איך האָב מיר אַזוי געקלערט: „אין אַזעלכע שעהן! וואָס האָבן זיי ביידע געקענט טון, וועגן וואָס האָבן זיי געשמועסט, וואָסער פאַרשווערונג האָבן זיי געמאַכט?״ איך האָב אין זיי ביידע באַמערקט אַ גרויסע ענדערונג. ווען דזשינעווראַ האָט אים אויף עפּעס געענטפערט, איז איר שטימע געווען גאָר אַן אַנדערע. ווען דזשינעווראַ פלעגט אַ קוק טון אויף אים, פלעגן זיך אירע אויגן איבערציִען מיט יענעם שלייער...

— עס גיסט אויף דער גאַס, ווי פון צעבערס —

האָט זי געזאָגט — איך וואָלט דיר פאָרגעלייגט זאָלסט גיין זוכן אַ דראָשקע.

איר פאַרשטייט? דאָס האָט מען מיר געגעבן אַזאַ פאַראָרדנונג. וואַנצער האָט זיך גאָרנישט קעגן געשטעלט. באַ אים איז דאָס אויסגעקומען גאַנץ נאַטירלעך, אַז איך דאַרף אים גיין זוכן אַ דראָשקע. — האָט ער מיך שוין אַמאָל נישט ווידער גערופן צו זיין דינסט? איך האָב מיך קוים אויף די פיס געהאַלטן! און זיי האָבן דאָס ביידע באַשטימט באַמערקט, נאָר גאָרנישט.

אַן אומבאַגרייפלעכע חוצפּה. וואָס אָבער האָב איך געדאַרפט טון? צי האָב איך געדאַרפט גלייך אָפּזאָגן? צי האָב איך געדאַרפט גלייך אויפן אָרט שטעלן אַ ווידערשטאַנד? איך האָב דאָך אויך געקענט זאָגן: — איך פיל מיך זייער שלעכט. איך האָב אָבער נישט דאָס און נישט יענץ געטון. איך האָב אָנגעטון דעם קאַפּעלוש, גענומען אַ פּאַראַסאָל אין דער האַנט און אַרויסגעגאַנגען.

אויף די טרעפּ איז שוין דאָס ליכט לאַנג געווען אויסגעלאָשן. אָבער עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך זע אין דער פינסטער אַ סך פייער־שטראַלן; און מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ האָבן זיך אין מיין מוח דערוועקט פאַרשיידענע, נישט קלאָרע, אומגע-

בונדענע געדאַנקען, און דערנאָך מיט דער זעלבער שנעלקייט ווידער באַלד פאַרשוואונדן געוואָרן. איך בין אַ מינוט געבליבן שטיין אויף די טרעפּ אין דער פינסטער, קלערנדיק, אַז אָט־אָט גיי איך אַראָפּ פון זינען. אָבער דאָס האָט נישט פּאַסירט. איך האָב דייט־לעך געהערט דזשינעווראַס געלעכטער און די קולות פון די אַנטקעגנגיבעדיקע שכנים. איך האָב אָנגע־צונדן אַ שוועבעלע און בין אַראָפּגעגאַנגען פון די שטיגן.

ווען איך האָב שוין געהאַלטן באַם אַרויסגיין אויף דער גאַס, האָב איך דערהערט דזשיראָס שטימע, וועלכע האָט מיך גערופן. דאָס איז געווען אַ געפיל פון ווירקלעכקייט, איך האָב דאָס אַזוי דייטלעך גע־הערט, ווי דזשינעווראַס געלעכטער, פּונקט ווי איך האָב געהערט די קולות פון די שכנים. איך האָב מיך אויס־געדרייט און בין מיט איין אָטעם שוין געווען אין דער הייך.

ווען דזשינעווראַ האָט מיך דערזען האָט זי אויס־געשריגן :

— ביסט שוין דאָ, אַזוי שנעל ?

פאַר גרויס אויפרעגונג האָב איך קיין וואָרט נישט

בעקענט אויסרעדן. ענדלעך האָב איך מיט פאַרצווייפלונג עפּעס אַ מורמל געטון:

— איך קען נישט... איך מוז פון דאַנען אַוועקגיין... איך פיל מיך זייער שלעכט.

און איך בין גלייך אַוועק צו מיין זון.

— דו האָסט מיך גערופן? — האָב איך אים אַ פרעג געטון, אַריינגייענדיק.

איך האָב אים געטראָפן, זיצנדיק אויפן בעטל, פונקט ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס איינגעהערט. ער האָט מיר געענטפערט.

— איך האָב דיך נישט גערופן.

איך בין אָבער געווען זיכער, אַז ער האָט פאַר מיר דעם אמת פאַרבאָרגן.

— דו האָסט מיך געוויס פון שלאָף גערופן. דו ביסט נישט געשלאָפן?

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטון מיט גרויס חשד.

— און וואָס איז מיט דיר? — האָט ער מיך אַ פרעג געטון — פאַרוואָס ביסטו אַזוי פאַרזאָרגט? וואָס האָסטו אַזוינס געטון?

— גענוג שוין, דזשיראָ, באַרויק זיך — האָב איך מיך באַ אים געבעטן — און צערטלענדיק אים, האָב איך אים געוואָלט פאַררעדן:

— איך בלייב דאָ מיט דיר; איך גיי שוין מער נישט אַוועק. אַצינד שלאָף, שלאָף, מיין קינד!

ער האָט מיט אַ גרויסן זיפץ איינגעגראָבן זיין קעפּל אין קישן. כדי מיך צופרידן צו שטעלן האָט ער דערנאָך בכיוון צוגעמאַכט זיינע אויגן און זיך געמאַכט שלאָפן. אין אַ מינוט אַרום אָבער האָט ער זיי אויפגעמאַכט, זיי אויסגעגלאָצט אויף מיר און אַ זאָג געטון מיט אַן אויסגעצויגעגעם טאָן:

— ער איז נאָך אַלץ נישט אַוועקגעגאַנגען.

פון יענער נאַכט אָן האָט מיך באַהערשט אַ שרעקלעך פאַרגעפיל, וואָס האָט מיך שוין דערנאָך כסדר נישט פאַרלאָזט. דאָס איז געווען אַ מין אומבאַשטימטע, געהיימע שרעק, וועלכע האָט זיך אָנגעזאַמלט אין דער טיפסטער טיפעניש פון מיין נשמה, וווהין קיין מינדסטער פונק פון פאַרשטאַנד דרינגט קיינמאָל נישט אַריין. פון אַלע אָפּגרונטן, וועלכע זיינען פאַרבאָרגן געווען אין מיר, איז דער איינציקער געבליבן אינגאַנצן אומאַנטפּלעקט און איז געווען דער שרעקלעכסטער.

פון צייט-צו-צייט פלעג איך אים ממש שפירן, און מיט גרויס האַרץ-קלאַפּעניש פלעג איך האָפן, אַז אָט-אָט ווערט ער באַלויכטן דורך עפּעס אַ פלוצלינקדיקן שטראַל, וועלכער אַנטבלויזט אים אינגאַנצן. גאַנץ אָפט פלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז איך פיל, ווי עס אַנטשטייט אין מיר די דאָזיקע אומבאַוווסטקייט, און איך האָב מיך שוין אַזוי פיל דערנענטערט צו איר, אַז איך פלעג זי מיט מיין פאַרשטאַנד כמעט ווי אָנרירן; אָבער דערנאָך פלעגט זי מיטאַמאָל ווידער טיף פאַרזונקען און פאַר-שווונדן אין דער פינסטערניש, איבערלאָזנדיק אין מיין האַרץ אויסערגעוויינטלעכע שמערצן, וועלכע איך האָב זעלטן-ווען איבערגעלעבט. איר פאַרשטייט מיך אַצינד? אויב איר ווילט מיך פאַרשטיין, מיין פריינט, דאַרפט איר זיך פריִער געפינען אין דער לאַגע פון איינעם, וועלכער שטייט אויפן ראַנד פון אַ טיפער ברונע און קען בשום אופן נישט באַגרייפן דעם תהום. די ברונע איז ביז אַ געוויסן פונקט באַלויכטן מיט אַ נאַטיר-לעכער באַלויכטונג. איר ווייסט אָבער, אַז טיפער און ווייטער דאָרט אַראָפּ אין חושך, איז פאַרבאָרגן אַ מין אומבאַוווסטע און שרעקלעכע זאַך. איר זעט זי נישט, אָבער איר פילט, ווי זי באַוועגט זיך אומדייטלעך. און די דאָזיקע זאַך שווימט פּאַמעלעך אַרויף און דערגרייכט

ביז דער אויבערפלעך פון שאָטן, אָבער באַמערקן קענט איר זי נאָך אַלץ נישט. נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל און אָט-אָט וועט איר זי באַמערקן, אָבער מיטאַמאָל — האַלט: זי שטעלט זיך אָפּ און ווערט פאַרשווונדן. איר בלייבט פאַרטרויערט, פאַרחושכט און גידערגעשלאָגן...

ניין, ניין... קינדער-שפּיל... נאַרישקייטן... איר וועט דאָס נישט פאַרשטיין.

ווידער צו די פאַקטן; אָט זייבען זיי. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז וואַנצער געוואָרן אַ גאַנצער כּל-ולך אין מיין שטוב, און האָט זיך אין איר איינגאַנצן באַזעצט! און איך בין ווידער פאַרבליבן זיין קנעכט און נישט אויפגעהערט צו ציטערן. דאָס איז אָבער ווייניק! איך מוז אייך אָנווייזן אויף דער אַנטוויקלונג פון די פאַקטן. צי דאַרף איך אייך נישט דאָס אַלץ דערקלערן? צי וועט דאָס אייך נישט אויסקומען אויסטערליש? צי דאַרף איך אייך נישט אויסרעכענען אַלע דזשיראָס ליידן? — יאָ, זיין כּעס, וועלכן ער האָט אין זיך דערשטיקט; זיינע פאַרביטערטע ווערטער, וועלכע זייבען געווען ערגער ווי סם פאַר מיר; זיינע געשרייען און זיפצן אין מיטן דער נאַכט, פון וועלכע די האָר האָבן זיך מיר קאַפּויר געשטעלט; די טויטע אומבאַוועגלעכקייט פון זיין קערפּער, ווען ער

איז געלעגן אויסגעצויגן אין זיין בעטל. און זיינע טרערן, וועלכע פלעגן מיטאמאָל אָנהייבן רינען איינס־באַ־איינס פון זיינע אויגן, וועלכע פלעגן בלייבן אָפן און ריין, וועלכע פלעגן זיך נישט אָנצינדן און נישט רויט ווערן... יאָ, מיין פריינט, איר האָט געדאַרפט זען, ווי דאָס קינד וויינט, וואָלט איר געוווסט ווי אַזוי אַ נשמה וויינט.

גאָט, גאָט! מיר האָבן זיך פאַרדינט דאָס ליכטיקע גן־עדן. צי האָבן מיר עס נישט פאַרדינט?

איך דאַנק אייך, מיין פריינט, איך דאַנק אייך. איך קען שוין ווייטער דערציילן. לאָזט מיך דערציילן, אויב נישט וועל איך אייך נישט קענען דעם סוף דערציילן.

מיר דערנענטערן זיך שוין צו אים, איר פאַרשטייט? מיר דערנענטערן זיך שוין; מיר האַלטן שוין באַם סוף. וואָס פאַר אַ טאָג האָבן מיר היינט? דעם 27־טן יולי. זייער גוט. דאָס איז געשען דעם 9־טן, היינטיקן חודש. עס דאַכט זיך מיר, אַז עס איז שוין אַ יאָר־הונדערט פאַרבייגעגאַנגען

איך האָב מיך געפונען אין אַן אַפּטייק-געשעפט, געשטאַנען איינגעבויגן באַם שרייב-טיש און געאַרבעט איבער די חשבונות. איך האָב מיך געפילט אָפּגע-שוואַכט פון מידעקייט און היץ, אויפגערעגט פון די מיקן, וועלכע האָבן מיך געביסן, און פאַרחלשט פון די רעצעפּטן-ריחות. עס איז געווען 3 אַ זייגער נאָך מיטאָג. אַלע מאָל פלעג איך מיין אַרבעט איבעררייסן, כדי אַ קלער צו טון וועגן דזשיראָן, וועלכער האָט זיך אין יענע טעג געפילט ערגער ווי שטענדיק. אינע-ווייניק אין מיין האַרץ האָב איך אַרומגעטראָגן דזשי-ראָס פיגור, וועלכע איז געווען פאַרצערט פון ליידן, שלאַנק און בלייך, ווי וואַקס.

באַרעכנט נאָר, מיין פריינט, איין זאַך: דורך אַ שפּאַלט אין דער וואַנט, איבער מיין קאָפּ, איז אַריינגעדרונגען אַ זונען-שטראַל.

אַצינד ווייטער. אויף די צעשפּרייטע זעק איז גע-לעגן אויסגעצויגן אַ יונג יונגל און געשלאָפן. די מיקן זיינען אַרומגעפלויגן אַרום אים און געזשוזשעט, פּונקט ווי אַרום אַ נבלה. דער בעל-הבית, דער דראָגיסט, איז אריינגעקומען און זיך געלאָזט גיין אין ווינקל אַריין, וווּ עס איז געשטאַנען דער וואַש-טיש, עס איז אים געגאַנגען בלוט פון דער נאַז; און כדי זיך נישט

איינצוורעכטן דעם וועסט, איז ער געגאַנגען איינגע-
בויגענערהייט, און דאָס בלוט פון דער נאָז האָט אויף
דער ערד אַראָפּגעטריפט.

עס זיינען אַריבער עטלעכע מינוט פון טויטער
שטילקייט. אין דערזעלבער צייט האָט גראָד אין געשעפט
קיין קליענט נישט אַריינגעשמעקט; קיין קאַרעטע אויף
דער גאַס איז נישט פאַרבייגעפאָרן; דאָס יונגל האָט
אויפגעהערט צו שנאָרכן.

מיטאמאָל האָב איך דערהערט דזשיראָס שטימע:

— דאָס ביסטו, פּאַפּאַ?

און ער, אַזאַ צאַרטער, אַזאַ איידעלער, איז געקומען
צו מיר אין דעם דאָזיקן שמוציקן אָרט: צווישן די
צעוואָרפענע זעק, צווישן די פעסלעך, קאַסטנס מיט
זייף. ער האָט זיך באַוויזן פאַר מיר, ווי אַ שאָטן, ווי
אַ געשפּענסט! פון שטערן האָט זיך אים געגאָסן דער
שווייס, די ליפּן האָבן געציטערט; מיר האָט זיך אָבער
געדאַכט, אַז ער איז אויפגערעגט פון עפּעס אַ מין
ווילדער ענערגיע.

— ווי אַזוי קומסטו עס עפּעס אַהער? אין אַזאַ שעה?
וואָס איז געשען?

— קום, קום, פּאַפּאַ, קום?

— אָבער וואָס איז געשען?

— קום, קום מיט מיר!

ער האָט געהאַט אַ הייזעריקע, אָבער אַנטשלאָסענע שטימע. איך האָב אים אַ ווײַלע איבערגעלאָזט, אַ זאָגנדיק:

— אין אַ פּאָר מינוט אַ־ום קום איך צוריק.

שפּעטער בין איך צוזאַמען מיט אים אַרויס, אָבער די פיס האָבן זיך מיר געבויגן.

מיר זײַנען דערגאנגען ביז טריטאָנס גאַס, דערנאָך האָבן מיר זיך געלאָזט צום פּלאַץ באַרבעריני, וועלכער האָט מיר אויסגעזען ווי אַ טייך פון ווייסן פייער. איך האָב גאָרנישט מער געזען ווי פייער. דזשיראָ האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן מיין האַנט.

— נו, פאַרוואָס רעדסטו נישט? וואָס איז געשען?
— האָב איך אים צום דריטן מאָל אַ פרעג געטון —
און גלייכצייטיק זיך געשראָקן פאַר זיינע ווערטער.

— קום מיט מיר, קום. וואַנצער האָט זי געשלאָגן...
ער האָט זי געשלאָגן...

פאַר גרויס כעס האָבן זיך אים די ווערטער איך האַלדז געשטעלט.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער קען שוין מער נישט.

רעדן. ער האָט פאַרגיכערט זיינע טריט און האָט מיך באַך זיך נאָכגעשלעפּט.

— איך האָב אַליין מיט מיינע אויגן געזען — האָט ער געזאָגט. — אין מיין צימער האָב איך געהערט ווי מען האָט געשריגן; איך האָב געהערט די ווער-טער... וואַנצער האָט איר פאָרוווּרפן געמאַכט, האָט זי געשאָלטן מיט אַלערליי קללות... דו פאַרשטייסט? איך האָב געזען, ווי ער האָט זיך אויף איר ארויפ-געוואָרפן מיט אויפגעהויבענע הענט און געשריגן... „נאַדיר! נאַדיר! נאַדיר!"... אין פּנים אַריין, אין האַרץ, אין דער זייט; אומעטום, ווו ער האָט נאָר גע-טראָפן... „נאַדיר! נאַדיר!" — און ער האָט זי ווידער געשאָלטן... אַך, אַך, דו פאַרשטייסט דאָס!..

זיין שטימע איז גישט געווען צו דערקענען. זי איז געווען הייזעריק, קוויטשעדיק. איך האָב מיט גרויס שרעק געקלערט: אָט-אָט פאַלט ער, אָט-אָט בלייבט ער ליגן דאָ אויפן אָרט.

אָבער ער איז נישט געפאַלן; ער האָט אַלץ פאַר-גיכערט זיינע טריט, און איך האָב מיך נאָכגעשלעפּט, אונטער די ברענענדיקע זונען-שטראַלן.

— אפשר מיינסטו, אז איך האָב מיך באַהאַלטן? אפשר מיינסטו, אַז איך האָב מיך פאַרשלאָסן, אַז איך האָב

מוֹרא געהאַט? ניין. איך האָב מיך גאָרנישט געשראָקן. איך האָב מיך אַנטקעגן געשטעלט; איך האָב געשריגן אויף אים; איך האָב מיך אָנגעטשעפּעט אָן זיינע פיס; איך האָב אים אַ ביס געטון אין דער האַנט... אַנדערש האָב איך נישט געקענט... ער האָט מיך אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד; דערנאָך האָט ער זיך ווידער אַרויפגעוואָרפן אויף דער מאַמען; ער האָט זי באַ די האָר געריסן... אַזאַ אויסוואורף, אַזאַ אויסוואורף!

עס האָט אים אָנגעהויבן שטיקן אין האלדז. ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן. דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן.

— אַזאַ אויסוואורף! ער האָט זי באַ די האָר אָנגעכאַפּט, ער האָט זי צום פענסטער געשלעפּט... ער האָט זי געוואָלט פון פענסטער אַראָפּוואַרפן... אָבער דערנאָך האָט ער זי אָפּגעלאָזט... „אַנטלויף פון דאַנען! אַז נישט טייט איך דיך!" — אַזוי האָט ער געזאָגט. און זי איז אַנטלאָפן געוואָרן; זי איז פון שטוב אַנטלאָפן געוואָרן .. אך, ווען איך וואָלט אַ מעסער געהאַט!

ער האָט ווידער איבערגעריסן זיינע רייד. מיר זיינען שוין געווען אין דער פוסטער גאַס סאַן-באַזיליאָ,

זעענדיק, אַז ער האַלט שוין בּאַ פאַלן, האָב איך מיך אָנגעהויבן בעטן בּאַ אים!

— האַלט דיך איין אַ ביסל, האַלט דיך איין, מיין טייערער דזשיראָ! לאָמיר זיך אויף אַ ווײַלע פאַרהאַלטן, דאָרט אין שאָטן. דו קענסט דאָך שוין נישט קיין טריט שטעלן.

— ניין, מען דאַרף דאָס מאַכן שנעל, מען דאַרף קומען צו דער רעכטער צייט... אפשר וועט וואַנצער צוריק קומען און וועט זי דערהרגענען!.. די מאַמע האָט שטאַרק מורא געהאַט ער זאָל נישט צוריק קומען;.. זי האָט מורא געהאַט נישט געהרגעט צו ווערן פון אים. איך האָב געהערט, ווי זי האָט מאַריאַן געזאָגט, אַז זי וויל איינפּאַקן א ביסל זאַכן אין אַ וואַליזע און אַוועקפאָרן קיין רוים... איך רעכן קיין טיוואָלי... צו דער מומע אַמאַליאַ. מיר וועלן קומען צו דער צייט. וועסט זי לאָזן אַוועקפאָרן?

ער האָט זיך פאַרהאַלטן, און מיר אַריינגעקוקט גלייך אין פּנים אַריין, און געוואַרט אויף מיין ענטפער. איך האָב מיט אַ האַלב מויל אַ זאָג געטון:

— ניין, ניין.

— און אים וועסטו אַריינלאָזן אין שטוב אַריין? וועסט אים גאָרנישט זאַגן? וועסט אים גאָרנישט טון?

איך האָב אים קיין וואָרט נישט געענטפערט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז איך בין גרייט געווען מיך צו באַגראָבן פאַר גרויס צער און חרפה. יאָ, ער האָט דאָס נישט פאַרשטאַנען, ווייל באַך אַ ווײַלע שווייגן האָט ער מיטאַמאָל אַ געשריי געטון מיט אַן אַנדערער שטימע, ווי פריער. זיין קול האָט געציטערט פאַר גרויס האַרץ-אויפרעגונג.

— טאַטע, טאַטע, האָסט גאָר קיין מורא נישט?.. האָסט גאָר קיין מורא נישט פאַר אים?.. זאָג, זאָג?!

איך האָב א מורמל געטון:

— ניין... ניין...

און מיר זיינען ווייטער געגאַנגען. די זון האָט שרעקלעך געבאַקן. מיר האָבן געשפּרייזט איבער די וויסטע ערטער פון דער ווילע לודאָוויזי, צווישן אָפּגעהאַקטע שטאַמען, צווישן קאַלך גרובנס און ערטער, וואָס זיינען פאַרשיט געווען מיט קליינע שפּיציקע שטיינדלעך. בעסער שטאַרבן, בעסער פאַרברענט ווערן אַ לעבעדיקער אין איינעם פון די דאָזיקע קאַלך-גרובנס, איידער זיך צו באַגעגענען מיט אַזאַ שאַנד-געשעעניש. אַזוי האָב איך מיר געטראַכט. אָבער דזשיראָ

האָט מיך ווידער אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט און מיך מיטגעצויגן צו מײַן אומפאַרמײַדלעכן גורל.

ענדלעך זײַנען מיר אָנגעקומען, מיר זײַנען אַרויפגעגאַנגען.

— האָסט דעם שליסל? — האָט מיך דזשיראָ געפרעגט.

איך האָב אים געהאַט. איך האָב גלײַך אויפגעעפנט די טיר. דזשיראָ איז אַרײַן דער ערשטער און אויסגעשריגן:

— מאַמע! מאַמע!

קיין וואָרט האָט קיינער נישט געענטפערט.

— מאַריאַ!

קיינער האָט ווידער נישט געענטפערט.

די שטוב איז געווען פוסט. עס האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט.

— שוין אַוועקגעפאָרן! — האָט דזשיראָ אַ זאָג געטון — וואָס וועסטו טון?

ער איז אַרײַן אין אַ צימער און אָנגעוויזן מיט דער האַנט.

— דאָ איז עס געשען

אַ שטול איז נאָך געלעגן איבערגעדרייט. אויף דער פּאָדלאָגע האָט זיך געוואַלגערט אַ צעקרומטער לעפל און אַ רויט פּרענדזל. דזשיראָ האָט זיך איינגעבויגן, אויפגעהויבן עטלעכע לאַנגע האָר און מיר געוויזן.

— דו זעסט?

עס האָבן אים הענט און פיס געציטערט. זיין ענערגיע איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. זיינע כּוחות האָבן אים פאַרלאָזט. איך האָב באַמערקט, אַז ער וואַקלט זיך. איך האָב געזען, ווי ער גליטשט זיך פון מיינע הענט אַרויס. איך האָב אויסגערופן:

— דזשיראָ, דזשיראָ, מיין קינד!

ער איז געווען אומבאַוועגלעך. איך ווייס נישט ווי אַזוי עס איז מיר געלונגען צו באַזיגן מיין שוואַכקייט, וועלכע איז אויך מיך באַפאַלן. איין געדאַנק איז מיר אין קאָפּ אַריין: „אויב וואַנצער וואָלט אצינד אָנגעקומען?“. איך ווייס אויך נישט, ווי אַזוי עס איז מיר געלונגען צו דערטראָגן דאָס אומגליקלעכע באַשעפעניש צו זיין בעטל.

ער איז צו זיך געקומען. איך האָב אים געזאָגט:

— אַצינד דאַרפסטו דיך אויסרוען. זאָל איך דיך אויסטון? האָסט פיבער. איך וועל רופן אַ דאָקטאָר. אַצינד וועל איך דיך אויסטון, שטיל, רויק. ווילסט?

איך האָב געריידט און געטון, פּונקט ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען, פּונקט ווי אַלץ וואָלט געווען אין אָרדנונג, פּונקט ווי עס וואָלט מיר נישט געבליבן קיין אַנדערע זאַך, ווי נאָר אַכטונג צו געבן אויף דעם קינד. אָבער איך האָב געפילט, איך האָב געוווּסט, איך בין געווען זיכער, אַז עס איז נישט אַזוי, אַז עס קען אַזוי נישט זיין. איין געדאַנק האָט מיר מיין מוח געבוירערט: עפּעס אַ פאַרלאַנג פון דערוואַרטונג האָט מיין גאַנץ וועזן באַהערשט. דער שוידער, וואָס איז דערגאַנגען ביזן העכסטן פּונקט, האָט זיך פאַרשפּרייט איבער מיין גאַנצן גוף, אַזוי, אַז די האָר האָבן זיך מיר קאַפּויר געשטעלט.

איך האָב איבערגעחזרט.

— לאָז דיך אויסטון און אַריינלייגן אין בעטל.

דזשיראָ האָט געענטפערט:

— ניין; איך וויל בלייבן אָנגעטון.

זיין ניי קול, זיינע נייע ווערטער האָבן דאָך אין מיר נישט דערשטיקט זיין איינפאַכע, אָבער שווערע פראַגע: „וואָס וועסטו טון?"

„וואָס וועסטו טון?" „וואָס וועסטו טון?"

איך האָב נאָך נישט געהאַט קיין שום אַנונג פון אַ וואָסער עס איז טעטיקייט.

עס איז מיר שווער געווען זיך אויף עפּעס צו באַ־שליסן, צו געפינען אַן אויסוועג, אויסצוקלערן אַ באַליי־דיקונג, אָדער פאַר זיך אַ פאַרטיידיקונג. די צייט איז געגאַנגען און עס איז גאָרנישט געשען. איך האָב געדאַרפט גיין נאָך אַ דאָקטאָר פאַר דזשיראָן. אָבער צי וועט מיך דזשיראָ לאָזן אוועקגיין? און אויב ער וועט באַשטיין, מוז ער דאָך בלייבן אַליין. עס איז דאָך מעגלעך, אַז איך זאָל וואַנצערן אויף די שטיגן באַ־געגענען, און דאַמאָלס? אָדער וואַנצער קען אָנ־קומען, ווען איך וועל נישט זיין, און דאַמאָלס?

לויט דזשיראָס פאַרלאַנג דאַרף איך אים אין שטוב נישט אַריינלאָזן; איך דאַרף אים זאָגן, איך דאַרף אָנ־נעמען מיטלען. זייער גוט, איך האָב געקענט צומאַכן די טיר פון אינעווייניק אויפן ריגל. וואַנצער, נישט קענענדיק אויפמאַכן די טיר מיטן שליסל, וואָלט גע־צויגן דאָס גלעקל, וואָלט געקלאַפּט און מיט כעס גע־טופּעט מיט די פיס, און דאַמאָלס?

מיר האָבן געוואַרט.

דזשיראָ איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער פּליי־צע: איך בין געזעסן לעבן אים, און מיט מיין האַנט אים געטאַפּט דעם פּולס. די קלעפּ האָבן זיך פאַר־גרעסערט מיט אַ משונהדיקער שנעלקייט.

מיר האָבן אַ וואָרט נישט אַרויסגערעדט. עס האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז מיר הערן קלעפּ, אָבער אפשר האָבן דאָס געקלאַפּט אונדזערע אייגענע הערצער. דורכן פענסטער האָט זיך געזען די הימל-בלויקייט; די שוואַלבן זיינען, ווי משוגענע, געפלויגן אַהין-און-אַהער, אַז עס האָט זיך געדאַכט, זיי ווילן זיך אינעווייניק אַריינרייסן; די פאָרהאַנגען האָבן זיך אָנגעבלאָזן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אָפּעטעמען: אויף דער פּאָדלאָגע האָט די זון פונקט אויסגעמאָלט די רעכטע טייל פון פענסטער, אין וועלכן עס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אַלע באַוועגונגען פון די שוואַלבן. די אַלע זאַכן האָבן שוין פאַר מיר נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג: איך האָב דאָס געזען, ווי אַ חלום; דאָס איז שוין נישט געווען קיין לעבן, עס האָט נאָר סימולירט דאָס לעבן. אַפילו מיינע ליידן האָבן מיר אויך אויסגעזען, ווי אַן אילוזיע. ווי לאַנג וועט דאָס נאָך אַזוי דויערן?

דזשיראָ האָט מיר געזאָגט:

איך בין זייער דורשטיק. דערלאַנג מיר אַ ביסל וואַסער.

— איך האָב מיך אויפגעהויבן, כדי אים אַ ביסל וואַסער צו דערלאַנגען. אָבער די פלאַש אויפן טיש איז ליידיק געווען. איך האָב זי גענומען און געזאָגט:

— איך גיי אין קיך אַריין נאָך וואַסער.

איך בין אַרויס פון צימער און אַוועק אין קיך אַריין. איך האָב אונטערגעשטעלט די פלאַש אונטערן קראַן. די קיך איז געווען נאָנט צום הויפּט-אַרייַנגאַנג. איך האָב דייטלעך דערהערט, ווי עמיצער דרייט מיט אַ שליסל אין שלאָס-לאָך. איך בין געבליבן שטיין, ווי אַ צוגעשמידטער צום אָרט. איך האָב דערהערט, ווי די טיר עפנט זיך, און איך האָב גלייך דערקענט וואַנצערס טריט.

ער האָט אויסגערופן:

— דזשינעוורא!

עס איז שטיל געוואָרן. ער האָט געמאַכט נאָך עטלעכע טריט. ער האָט ווידער אויסגערופן:

— דזשינעוורא!

שטיל. נאָך טריט. ער האָט, ווייזט אויס, זי אַצינד אַרומגעזוכט איבער די צימערן. איך האָב מיך אַלץ בישט געקענט פון אָרט רירן.

פּלוצלינק האָב איך דערהערט אַ געשריי פון מיין זון, אַ ווילדן געשריי, וועלכער האָט מיך גלייך אויפגעוועקט פון מיין פּאַראַליזירטן צושטאַנד. מיינע אויגן זיינען שטיין געבליבן אויף אַ מעסער, וואָס האָט געגלאַנצט אויף אַ קופערט; גלייכצייטיק האָט זיך מיין

האַנט אַ צי געטון דערצו. און פּונקט ווי דורך אַ שטורם-ווינט, האָט עס מיך אַ טראָג-געטון אין מיין זונס צימער אַריין. איך האָב דערזען, ווי מיין זון איז צוזאַמענגעקנוילט געווען מיט וואַנצערן, און ווי וואַנצער האָט אים געהאַלטן אין איין דערלאַנגען...

צוויי, דריי פּיר, און דאָס מעסער האָט שוין געשטעקט אין זיין רוקן... עס איז אַריין טיף, טיף ביזן הענטל...

אַך, מיין פריינט, האָט רחמנות, האָט רחמנות און לאָזט מיך נישט איבער אַליין. נאָך איידער די זון וועט פאַרגיין וועל איך שטאַרבן. דאַמאָלס וועט איר צוגיין צו מיר, מיר צומאַכן די אויגן און אוועקגיין. ניין, ניין, אפילו דאָס בעט איך אייך אויך נישט; איידער איך וועל שטאַרבן, וועל איך זיי אַליין צומאַכן.

איר זעט מיין האַנט. איך האָב מיך צוגערירט צו זיינע ברעמען און זי איז געל געוואָרן... איך האָב אים געוואָלט לייגן, דזשיראָן, אָבער ער פלעגט זיך יעדע מינוט אויפהייבן און שרייען.

— טאַטע, טאַטע! ער קוקט אויף מיר.

אָבער ווי האָט ער געקענט קוקן אויף אים, אַז ער איז געווען צוגעדעקט? מסתּם קוקן טויטע אפילו דורך די תּכריכים אַדורך?..

די לינקע ברעם האָט זיך נישט געלאָזט; זי איז געווען קאַלט, קאַלט.

ווי פֿל בלוט! קען אַ מענטש פאַרמאָגן אַ ים בלוט? אָבער די אָדערן זעט מען דאָך קוים אָן; אזוי דין און איידל, אַז מען זעט זיי קוים. און דאָך... איך ווייס נישט, ווו די פיס אַהינצוטון; מיינע קאַמאַשן זיינען ווייך געוואָרן, ווי אַ פאָר שוואָמען.

— איז דאָס נישט מאָדנע? — ווי צוויי שוואָמען.

איינער האָט אַזוי פיל בלוט; דער צווייטער אַפילו קיין טראָפּן נישט: — אַ ליליע...

אַך, מיין גאָט, אַ ליליע! זיינען נאָך דאָ ווייסע זאַכן אויף דער וועלט?

וויפֿל ליליעס!

אָבער צי זעט איר, צי זעט איר, מיין פריינט, וואָס
צס נעמט מיך? אַך, ווי גוט! וואָס איז דאָס, וואָס
:עמט מיך?
נאָך איידער די זון וועט אונטערגיין. אַך, איידער
די זון וועט פאַרגיין...

אַ שוואַלב!.. אַ שוואַלב איז אַריינגעפלויגן...
לאָזט זי אַריין... לאָזט די שוואַלב אַריין...

רוים, יאנואר 1891.

אין זעלביקן פאַרלאַג זיינען שוין דערשינען:

עדמונט ד'אמיטשעס

# דאס הארץ

(פאַר קינדער און דערוואַקסענע)

יידיש שלמה שיינבערג

---

ש. קאָרנבלום

# געלייטערטע

ראָמאַן

---

עס דרוקן זיך:

ו. מ. דאָראָשעוויטש

# לעגענדן און מעשהלעך פון אריענט

יידיש מאַרק ראַקאָווסקי

---

אַ. קאַגאַנאָווסקי

# טירן - פענסטער

---

עמיליאַ דע מאַרקי

# קינדער-קאמעדיעס.

פון איטאַליעניש מאַרק ראַקאָווסקי